אַלע ווערק
פון
אברהם רייזען
אין 12 בענדער

# יובילעאום אויסגאַבע

דריטע אויפלאגע.





אברהם רייזען.

צעהנטער באַנד:

# די אָבשפּיגלונג.

אַרויסגעגעבען פון פערלאַג „אידיש"
1917 ניו־יאָרק תרע"ז.

# די אבשפיגלונג.

דער גערדאנק וועגען טוידט האט הערמאנ'ען וועניג־וואס בעאונרוהיגט און וועניג־וועז בעזוכט. א מאן, א פיזיש־געזונ־טער, אין די דרייסיגער יאהרען, האט ער מעהר געטראכט פון לעבען. געהענדיג אין דער רוישענדיגער גאס און אנשטויסענדיג זיך מאנכמאל אויף א לויה, פלעגט ער זי בעטראכטען מיט נייי־גיערדע. אבער די נייגייערדע האבען אין איהם מעהר געוועקט די לעבעדיגע וועלכע געהען און פאהרען נאך דעם ארון, איידער דער יעניגער וואס ליעגט ערגעץ בעהאלטען און פערקלאפט אינע־וועניג... אינטערעסירט האבען איהם דערביי מעהר די בלומען אויפ'ן ארון, די שעהנע פרויען, וואס זיינען נאכגעגאנגען אדער נאכגעפאהרען מיט די כלומרשט טריבע געזיכטער, און מיט די אויגען וואס האבען אבגעשפיגעלט אן אינערליכע פרייד און לעבענס־בעגעהר.

וועט ער אויך אמאל שטארבען? דער גערדאנק פלעגט איהם אמאל דורכפליהען, אבער ניט פערטשעפען דאס אינער־ליכע, דאס טיעפע אין איהם. אינערליך האט זיך איהם ניט גע־גלויבט, אז ער וועט שטארבען. ווי אזוי איז דאס מעגליך? אמת, ער האט געזעהן בעשיינפערליך, ווי אזוי א יאהר רוקט זיך נאך א יאהר, אבער ביז דער ענדע איז דאך נאך דא אזוי פיעל יאהרען און צום טויט איז נאך אזוי ווייט, אזוי ווי צו א לאנד וואס עקזיסטירט ערגעץ יא, אבער ער גלויבט ניט צו דערגרייכען דארטען ווען עס איז...

און אט איז געשטארבען זיינער א בעקאנטער, א וויכטיגער מאן. אנפאנגס האט איהם די נאכריכט איבערראשט, זאגאר

דערשראָקען. אבער עס איז געווען בלויז אויף א מאָמענט. באלד איז ער געוואָרען רוהיג, ווי בעפאר. איהם האָט נאָר בעאונרוהיגט וואָס ער וועט מוזען געהן צום טויטענ'ס הויז און אפשר אויך דארפען אריינגעהן אינוועניג. דער מאַן וואָס איז גע־שטאָרבען איז געווען א נאָהענטער בעקאַנטער.

ער איז אוועק. ארום הויז זיינען געשטאַנען רעדלעך פון בעקאַנטע און פרעמדע. הערמאַנ'ס אויערען האָבען דערגרייכט די שבחים, וואָס מען האָט נאָכגעזאָגט דעם ערשט פערשטאָר־בענעם. יאָ, ער אליין גיט צו, אז ער איז געווען א וויכטיגער מענש, א שאָד וואָס ער איז געשטאָרבען. א גרויסער שאָד!

ער האָט זיך אוועקגעשטעלט אויף די ערשטע טרעפ פון גאַניק פון הויז און אַלץ ניט בעשלאָסען זיך אריינצוגעהן אינ־וועניג. געגענאיבער'ן הויז האָט א פרעמד צוועלף־יעהריג מיי־דעלע מיט נאַקעטע פיסלעך ביז די קניה געשפרונגען איבער א שטריקעלע וואָס זי האָט געהאַלטען אויסגעצויגען אין איהרעביידע הענד און האָט דערמיט איגנאָרירט די אַלע וואָס שטע־הען ארום טויטענ'ס הויז און דעם טויטען אליין... הערמאַן איז פון איהר שפרינגען פערכאַפּט געוואָרען און ווען זי איז ענד־ליך געפאַלען און מיט א קילנגענדיגען געלעכטער זיך צוריק אויפגעהויבען און ווידער גענומען שפרינגען, האָט ער זי אָנגע־קוקט און ווי צוגעשמייכעלט צו איהר:

— שפרינג, מיידעלע, שפרינג!...

באלד אבער האָט איהם איינער פון דעם געשטאָרבענעמ'ס נאָהענטע פריינד בעמערקט, די האַנד געגעבען און זיך געווענדעט:

— וואָס זאָגט איהר, הערמאַן?

הערמאַן האָט ארויפגעצויגען אַן ערנסטע מינע אויף זיין פנים און געענטפערט:

— עס איז שרעקליך... אזוי אונערוואַרטעט...

דער בעקאַנטער האָט איהם איינגעלאַדען ארויפצוגעהן אין הויז.

ער איז אריין אינוועניג. דער געשטארבענער איז שוין גע־ווען פערדעקט און הערמאן איז ווי צופריהען געווען. אבער באלד איז צוגעגאנגען צו הערמאנ׳ען איינער פון די הויזיגע און מיט א פריינדליכען טאן זיך געווענדעט:

— איהר ווילט איהם אנקוקען?...

הערמאן האט אוים העפליבקייט שיער ניט אבגעענטפערט: „מיט פערגניגען”. ער האט זיך אבער גלייך געכאפט, אז דא מוז מען די העפליכע פראזע זעהן אויסבייטען אויף א צווייטע און איהם איז עס געלונגען:

— איך האב געוואלט זיך זעגענען מיט איהם.

דער הויזיגער האט דעם מת אבגעדעקט. הערמאן האט איהם בעטראכט און זעהענדיג, ווי דער מת זעהט אוים ניט אזוי שרעקליך, ווי ער האט זיך פארגעשטעלט, האט ער ארויסגעמור־מעלט:

— פונקט ווי ער שלאפט!

— יא! — האט דער הויזיגער מיט א פילאזאפישע רוהע געענטפערט. — ער איז ווי איינגעשלאפען.

און ער האט איהם ווידער צוגעדעקט, ווי ער וואלט ניט געוואלט שטערען איהם דעם שלאף...

און פאר הערמאנ׳ען איז דער מת געווארען ווידער אזוי ווייט און אזוי פרעמד, ווי ער וואלט איהם קיינמאל ניט גע־קענט...

ענדליך האט מען געמאלדען, אז דער וואגען איז שוין אנ־געקומען. אין הויז איז געווארען א בעוועגונג. מען האט זיך גענומען פארבערייטען ארויסצוטראגען דעם מת...

הערמאן האט זיך דערפיהלט פערפליכטעט צו העלפען. ער האט אנגענומען איין זייט פון דעם איבערגעדעקטען ארון און האט געווארט אויף די איבעריגע.

עס זיינען צוגעקומען נאך זיבען טרעגער. הערמאנ׳ען איז

אויסגעקומען בלויז אנצוהאלטען מיט די הענד. קיין משא האט ער ניט געפיהלט.

אז דער ארון איז שוין געווען אויף זיין פלאץ אויף דעם שווארצען וואגען אין דער הויף, האט מען הערמאנ׳ען בעשטימט אלס איינעם פון דער עהרען־וואך נאכצוגעהן ביים זייט פון וואגען..

הערמאן איז מיט שטילע טריט נאכגעגאנגען דעם ארון, וועלכער איז געפיהרט געווארען פון צוויי גרויסע שווארצע פערד. געקוקט האט הערמאן פאראויס און זיך בעמיהט ניט צו בעגעגענען זיך מיט קיינעמס בליקען, ווי ער וואלט זיך גע־שעהמט מיט זיין נייער פליכט צו זיין א מחותן ביי אזא זאנ־דערבארער און פרעמדער צערעמאניע.

געהענדיג אזוי, האט ער ענדליך פערגעסען, אז ער געהט נאך אן ארון, וואו איגוועניג ליעגט א טויטער... עס האט זיך איהם געדאכט, אז דאס איז א געוויסע צערעמאניע, וואס ווערט דורכגעפיהרט צוליעב א צוועק, וואס איז איהם אונבעקאנט.

ער האט זיך פערטראכט וועגען פערזענליכע זאכען. גע־מאכט פלענער וועגען מארגענדיגען טאג, וועגען דער וואוינונג וואס ער רעכענט בייטען, וועגען פרנסה און בכלל וועגען דער צוקונפט...

איין פלאן וואס ער האט געהענדיג אבגעמאכט מיט זיך אליין איז איהם אזוי געפעלען געווארען, אז ער האט זיך אומגע־דרעהט מיט׳ן פנים צום בעגלייטענדען עולם. ער האט בעמערקט ווי דער עולם איז געווארען גרעסער, און דאן האט ער זיך גע־ווענדט מיט׳ן פנים צום ארון.

און פלוצלונג איז ער מיט שרעק אבגעשפרונגען. די וואנד פון דעם ארון, וועלכען ער איז נאכגעגאנגען איז געווען פון גלאז און אונטער׳ן גלאז א שווארצע געוואנט, אזוי אז די דאזיגע וואנט האט אויסגעזעהן ווי אן עכטע שפיגעל אין וועלכער ער האט זיך איינגאנצען דערזעהן... ער האט מורא געהאט נאך אמאל

א קוק צו טהאן, ער זאל זיך ווידער נישט דערזעהן. אבער דוקא ווייל ער האט אזוי מורא געהאט האט עס איהם געצויגען ווידער זיך איינצוקוקען. דאס צווייטע מאל איז ער שוין רוהיגער געווארען. ער האט זיך אין דעם דאזיגען זאנדערבארען שפּיגעל בעטראכט און געפונען, אז ער זעהט אויס ריכטיג, ווי אין דער היים, ווען ער קוקט זיך איין אין שפּיגעל, נאר א מעהר ערנס־טער, א מעהר קאנצענטרירטער...

הייסט עס, אז דער טויט איז גאר ניט אזא פרעמדע זאך! אט ליעגט דארטען אינוועניג זיין בעקאנטער און ער, הערמאן, שפּיגעלט זיך אב אין זעלבען ארון.

און ניט נור ער אליין. דער גאנצער עולם, וואס געהט נאך נאכ'ן ארון שפּיגעלט זיך דארט אב. אלעס האט די דאזיגע גלאז אונטער'ן שווארצען געוואנט ארייננעכאפּט אינוועניג און כאטש זיי געהען־נאך און רעדען און טראכטען און מאכען פּלענער, וועט אבער זייער שאטען שוין בלייבען דא ביז וואנען זיי וועלען ביסלעכווייז, איינציגוויין ארייגפאלען אהין אינגאנ־צען...

דא האט הערמאן דערזעהן דעם טויט פאר די אויגען און ער האט איהם רוהיג אין פּנים ארייננעקוקט. ער האט ניט גע־קענט אברייסען די אויגען פון דעם דאזיגען שפּיגעל, וועלכער שפּיגעלט אב ווי מיט א געוויסען חוזק איהם און דעם גאנצען עולם מיט אלע זייערע בעוועגונגען.

ער האט געווארפען א בליק אויף דעם עולם, פאר וועלכען זיין ענטדעקונג איז געווען אונבעוואוסט, זיי זיינען געגאנגען פאראויס, כאטש כלומרשט טרויעריגע, אבער פול מיט האפ־נונגען און פּלענער און קיינער פון זיי האט ניט בעמערקט, ווי קאמיש און הילפלאז זיי זעהען אויס אונטער'ן גלאז פון ארון.

און הערמאן האט זיך קוים איינגעהאלטען, ער זאל ניט שמייכלען...

# די צוויי מוטערס.

דאס האט מיר דערצעהלט מיינער א פריינד, וועמענס געליעבטע פרוי געפינט זיך שוין א פאר יאהר אין קראנקען־הויז, אין דער אבטיילונג פאר רוהיגע גייסטיג־קראנקע.

פאר גייסטיג קראנקע! אזוי רופען מיר די אלע, וועלכע שיידען זיך אונטער צו בולט פון אונז, מיט זייערע ווערטער, טהאטען און מיינונגען.

אנפאנגס איז די קראנקהייט פון מיין פריינדס געליעבטער פרוי בעשטאנען אין צופיעל גוטסקייט. זי האט אלץ גערעדט פון רחמנות. רחמנות אין א קליינער דאזע איז א נארמאלע ערשיינונג, מיר אלע פערמאגען א פאר דראכמעס רחמנות און צו־זאמען מיט דער גרויסער וואג עגאאיזם און ענגהערציגקייט, וואס מיר בעזיצען, זייגען מיר ביכלות, געזונד און שטארק צו לעבען ווי גאט און לייט האבען געבאטען און ווירקען און האנדלען ווי געזונדע, נארמאלע מענשען.

אבער מיין פריינד׳ס געליעבטע פרוי האט אין זיך דערפיהלט א צו־גרויסע מאס רחמנות צו אלע ליידענדע און אונגליקליכע. און זי האט דאן מעהר צווישען נארמאלע מענשען זיך ניט געקענט געפינען... ער האט מיר דערצעהלט:

זי איז געווארען שטארק מעלאנכאליש, ארומגעגאנגען איבער׳ן שטוב, געבראכען די הענד, געקרעכצט און געשלוכצט.

— וואס איז דיר, חנה?

— עס איז אויף זיי א רחמנות... אזא רחמנות... און פלעגט זיך שטארק צוויינען.

— אויף וועמען א רחמנות? — פלעג איך פרעגען פער־וואונדערט.

— אויף זיי אלעמען, די מענשען, אויף אלע מענשען איז א רחמנות...

און אז דער דאזיגער רחמנות געפיהל האט זיך אין איהר נעשטארקט האט מען זי אוועקגעפיהרט אין א שפיטאל אין דער אבטהיילונג פאר גייסטיג קראנקע...

דארט פלעג איך איהר קומען געוואהר ווערען איינמאל א וואך.

אבער געהיילט איז זי דארט ניט געווארען. איהר הארץ איז וואס ווייטער ווייכער און פיהלענדער געווארען און דערזעהענ־דיג מיך פלעגט זיין איהר ערשטע פראגע:

— וואס מאכען זיי דארטען?

— ווער, חנה?

— די אונגליקליכע... האבען זיי וואס צו עסען? זיינען זיי געזונד... שטארבען זיי ניט אוים?...

און נאכדעם פלעגט זי זיך נעהמען גראבלען און זוכען עפעס אין איהרע קליידער.

זי פלעגט זיך גלייך נאכ׳ן זוכען העפטיג צעוויינען:

— איך האב גארנישט... גארנישט... איך בין אזוי ארעם...

און נאך שטארקער זיך צעוויינענדיג פלעגט זי זיך צו מיר ווענדען:

— טייערער, בארג מיר א ביסעל געלד...

— אויף וואס דארפסטו? — פלעג איך פרעגען, נעריהרט פון איהרע טרערען.

— צוטיילען עס דא די אלע קראנקע. זעהסט, וויפיעל קראנקע דא געפינען זיך — פלעגט זי מיר אנווייזען אויף די ארומיגע בעוועגענדע געשטאלטען אין גרויסען אויפנאהם־צי־מער.

נאטירליך האב איך איהר אין איהר ביטע ניט אבגעזאגט.

— איך דאנק דיר! איך דאנק דיר! — פלעגט זי מורמ־לען. — דו ביזט א גוטער...

שפעטער אבער אין פערלויף פון דער צייט האט זיך איהר קראנקהייט פערשארפט. צו איהר גרוים גוטסקייט־געפיהל האט זיך צו איהר צוגעטשעפעט דאס גרויסע מוטערליכע געפיהל.

אנפאנגס האב איך איהר געמוזט ברענגען אונזער דריי־יעהריגע קינד, וואס זי האט געבוירען ווען זי איז נאך געזונד געווען און וועלכעס איך האב אליין ערצויגען.

שפעטער האט זי גענומען בעטען מיט טרערען אין די אויגען איך זאל איהר ברענגען אויך דאס אינגעלע.

— וועלכעס אינגעלע מיינסטו?

— לייבעלען — האט זי געענטפערט און איהרע גרויסע צושראקענע אויגען האבען מיך מיט געבעט אנגעקוקט.

לייבעלע איז געווען אונזער ערשט קינד, וועלכע איז שוין טויט עטליכע יאהר, ווען זי איז נאך געזונד געווען.

אבער איך האב מורא געהאט צו דערמאנען איהר וועגען זיין טויט און האב זיך אלץ מדחה געווען, אבגעלעגט צו ברענ־גען איהם פון איין וואך אויף דער צווייטער.

— ברענג איהם! — האט זי זיך געבעטען! איך וויל איהם אזוי זעהן...

ענדליך האב איך אויפ'ן ראט פון דאקטער געבראכט מיט זיך א שכנ'יש אינגעלע, וועלכען איך האב מיטגענומען.

אך, ווי זי האט זיך דערפרעהט מיט איהם! זי האט איהם, לויט איהר מיינונג, דערקענט! דאס איז טאקע איהר לייבעלע.... זי האט איהם געדריקט צו זיך און זיין קעפעל בע־גאסען מיט טרעהרען.

אין דער מינוט איז זי געווען איבערגליקליך. איהרע גרויסע אויגען האבען געפינקעלט מיט א פייערל פון גוטסקייט און גליק.

אבער באלד איז דאס פייערל פערלאשען געווארען.

— איך האב נישט דאס רעכט צו פרעהען זיך מיט איהם...

— וואס איז דען, חנה?

— דו זעהסט די פרוי? — האט זי מיר אנגעוויזען אויף א געשטאלט, וואס איז ווי א שאטען געשטאנען ביים וואנד און געקוקט שטאר און בעוועגלאז אין דעם שטח אריין. — קוק זי אן. זי איז נעבעך משוגע...

איך האב מיך קוים איינגעהאלטען איך זאל ניט א שמייכעל טהאן.

— יא — האט מיין ווייב געפליסטערט — זי איז נעבעך משוגע... ביי איהר איז א אינגעלע געשטארבען. דערפון איז זי נעבעך אראב פון זינען. זעהסט ווי זי שטעהט א פערטרויערטע... לאמיר זי טרייסטען. קום!

און מיין פרוי האט מיך אנגענומען פאר דער האנד און צוזאמען מיט'ן אינגעלע מיך צוגעפיהרט צו איהר.

און פלוצים האט מיין פרוי'ס פנים בעקומען א גליקליכען אויסדריק.

— מיין טייערער! — האט זי מיר אריינגערוימט אין אויער — מיר וועלען זאגען, אז עס איז איהר קינד! איהר אינגעלע! אוי, ווי זי וועט זיך פרעהען! זי וועט זיכער גלויבען...

און איידער איך האב געהאט צייט אבצעווענדען איהר פון דער דאזיגער אידעע האט שוין מיין פרוי געוועקט די צווייטע אונגליקליכע פרוי און גערעדט צו איהר מיט התלהבות:

— דיין אינגעלע!

— מיין קינד! — האט די צווייטע פרוי ביי דער וואנד זיך איבערראשט און גענומען דריקען צו זיך דאס פרעמדע קינד.

מיין פרוי איז געשטאנען און געשטראהלט פאר גליק און געשמייכעלט צו מיר.

— זעהסט ווי זי איז גליקליך. זי מיינט באמת אז אונזער לייבעלע איז איהר קינד... זי איז נעבעך משוגע... פערשטעהסט?

און א צייט נאָכאַנאַנד האָב איך דאָס פרעמדע קינד געמוזט פיהרען איינמאָל אין וואָך צו מיין פרוי, וועלכע האָט געגלויבט באמונה שלמה, אז עס איז איהר לייבעלע און נאָכדעם האָט זי איהם אויף א קורצער צייט איבערגעגעבען צו דער צווייטער מוטער און זיך גע׳חדוש׳ט, ווען יענע פלעגט פליסטערען: מיין קינד! מיין קינד!

— זי איז נעבעך משוגע — פלעגט מיין פרוי אין דער שטיל זיפצען, אז יענע זאָל ניט הערען.

און זי האָט אויף יענער שטארק רחמנות געהאט...

— נעבעך אזא אונגליקליכע! — פלעגט זי שאָקלען מיט׳ן קאָפּ.

שפּעטער האָב איך די דאָזיגע שרעקליכע שפּיעל אויפגעהערט צו טרייבען, אבער א צייט נאָכדעם, געפינענדיג זיך צווישען געזונדטע, נאָרמאַלע מענשען און בעטראכטענדיג זייערע טרערען און פרעהליכקייט, זייער אונגליק און גליק, פלעגט זיך מיר פאָרשטעלען די צוויי אונגליקליכע פרויען אין קראַנקען־הויז...

# דער שריפטשטעלער און זי.

נאָך דעם, ווי מען האָט אויפ׳ן באַל העניען פאָרגעשטעלט דעם בעריהמטען שריפטשטעלער און ער האָט איהר געשענקט מעהר אויפמערקזאַמקייט, ווי די אַנדערע מיידלאַך, האָט זיך איהר געדאַכט, אַז זי האָט בעזיעגט די גאַנצע וועלט. אַ גליק־ליכע, אַ בערוישטע איז זי געגאַנגען מיט איהרע צוויי חבר׳טעס אַ היים און האָט אַלץ ווידערהאָלט:

— אַך. ער איז אַזאַ אינטערעסאַנטער!

מיט וואָס ער איז געווען אינטערעסאַנט האָט זי אַליין ניט געוואוסט. גערעדט האָט ער, דאַכט זיך, ווי אַלע, וועגען גאַנץ געוועהנליכע זאַכען, פּערקעהרט — שוין צו געוועהנליך. וואָס אַנבעטרעפט זיין בעציהונג צו איהר, איז עס געווען דאָך אַבי־סעל איראָניש... זי האָט עס גאָר ניט ערוואַרטעט פון אַזאַ גרויסען מאַן. ער האָט זאָגאַר גערעדט וועגען אַ קוש... זי האָט זיך פערשעהמט. עס איז ווירקליך זאָנדערבאַר! אַזאַ מאַן און דאָך!...

העניען האָט געלונגען אין אַ קורצער צייט ווידער אַמאָל זיך צו טרעפען מיט דעם בעריהמטען שריפטשטעלער. דאָס מאָל איז זי שוין געווען דרייסטער. זי האָט איהם בעטראַכט אויסער־ליך, וואָס זי האָט דאָס ערשטע מאָל ניט געוואַגט. איז ער שעהן? זי קען ניט בעשטימען. די אויגען זיינע זיינען ניט ווי ביי אַלע; דאַכט זיך בייזע און אַט ניט ער מיט זיי אַ בליק און זיי ווערען פערוואַנדעלט אין מילדע. דאָס מויל איז אַביסעל צו גרויס, אָבער די ליפּען זיינען שעהן. בלויז ווען ער לאַכט, וואַלט העניע געשוואַ־רען, איז ער אַביסעל ציניש. דערפאַר, אַז ער פערטראַכט זיך איז ער אַזוי אַנציהענד.

יא, ער איז שעהן!

דאָס געשפּרעך ביי׳ן צווייטען מאָל איז געווען נאָך א לייכטערער ווי דאָס ערשטע מאָל. ער האָט ביי איהר געפרעגט, וואָס האָט זי היינט געגעסען דיננער און מיט אזא׳ן ערנסט, פּונקט ווי עס זאָל איהם געהן אין לעבען. קאָמיש! זי האָט געוואָלט וויסען זיין מיינונג וועגען ליטעראַטור און שרייבער, האָט ער איהר געענטפערט, אז דאָס געשעפט פיהרט ער נישט מיט זיך.

זי האָט זיך דערשראָקען:

— וואָס מיינט איהר?

— איך האָב נישט ליעב צו רעדען וועגען ליטעראַטור. האָט ער איהר אָבגעהאַקט.

— און וועגען דיננער יא? האָט זי איהם אַנגעקוקט פערוואונדערט.

— אָ, יא! ווען איהר אינטערעסירט מיך, אינטערעסירט מיך אפילו דאָס, וואָס איהר האָט געגעסען.

— ווי געפעלט אייך דזשעק לאָנדאָנ׳ס ראמאן „דער אייזערנער קנאַפעל“.

— דער איינזאמער קנאַפעל?... הם, איך האָב ניט געלעזען.

— איהר לעזט מסתמא בעסערע ביכער.

— וועגען דעם האָב איך נישט ליעב צו רעדען... וואָלט איהר נישט געוועזען א בעל׳נטע ארייננגעהן אין א „מופּענפּיקטשור“? האָט ער פּלוצים איבערגעהאַקט.

העניע האָט איהם אַנגעקוקט פערוואונדערט.

— אין א מופענפּיקטשור? איהר לאַכט עס ניט?

— אין גענענטהייל. איך האָב זיי זעהר ליעב, די פּיקטשורס... לייכט...

— איך האָב געמיינט, אז איהר זענט אַ ערנסטער.

ער האָט געשמייכעלט:

— יא. מאנכעסמאל...

ער האט פלוצים דערזעהן דורכגעהן א פרוי אין א בלוט־רויטען מאנטעל. ער האט זיך ענטציקט. נאכגעקוקט די פרוי און גערופען העניען:

— אך, זעהט וואס פאר א שעהנער מאנטעל! מאכט זיך אויך אזא מאנטעל...

זי האט געדריקט מיט די פלייצעס.

דאן האט ער בעטראכט העניעס קלייד און בעמערקט:

— פאר וואס טראגט איהר אזא לאנגע קלייד, איצט איז דאך אין דער מאדע קורצע קליידלעך.

העניע האט זיך פערשעמט, רויט געווארען און ווי מיט אן איינגעהאלטענעם פארווירפליכען טאן געענטפערט:

— איך וואלט אייך קיינמאל ניט געגלויבט, אז אייך זאלען אינטערעסירען אזעלכע קלייניגקייטען.

— און איצט גלויבט איהר שוין?

— ניין... איך רעכען, אז איהר טרייבט שפאס מיט מיר...

— זאל מיך גאט אויסהיטען! — האט ער זיך אנגעכאפט. איך האב אייך זעהר גערן און דערפאר אינטערעסירט מיר אייער קלייד...

---

ניין ער איז גאר נישט אינטערעסאנט — אזוי האט העניע בעשלאסען. זי האט איהם געבעטען געהן אויף אן ערנסטער שטיק, האט ער ניט געוואלט. ער האט אויסגעקליבען א בילינגען וואדעוויל הויז און האט זיך ענטציקט פון נארישע דזשאוקס... דער טענצערין האט ער אפלאדירט מעהר ווי אלע. נאכ'ן וואדע־וויל האט ער העניען איינגעלאדען אין א קאבארע... נאטירליך, זי האט ניט געוואלט געהן... ער האט זי געמוזט בעגלייטען א היים. אין קארידאר האט ער זי געוואלט א קוש טהאן.

— האט איהר מיך דען ליעב?

— אין דעם מאמענט, יא...

און דאס איז א בעריהמטער שריפטשטעלער! אזוי קוקט ער דאס אויף ליעבע! — אין דעם מאמענט!

זי האט זיך דאך ניט געוועהרט, ווען ער האט זי געשלאסען אין זיינע ארימס און זי א לאנג־דויערענדען קוש געטהאן. ערשט, אז דער קוש איז געווען צו ענדע, האט זי זיך אנגערופען:

— מעהר וויל איך אייך ניט זעהן...

ער האט זיך ענטשולדיגט, גענעבען איהר די האנד און צוגעגעבען:

— טאמער אבער ענדערט איהר אייער מיינונג קענט איהר מיר שרייבען אויף דעם אדרעס.

ער האט איהר דייטליך אויסגעשפראכען זיין אדרעס.

— איך וויל נישט הערען! — האט זי געזאגט.

— אבער איך בין זיכער, אז איהר וועט מיר שרייבען.

— קיינמאל ניט!

און זי איז ארויף אויף די טרעפ.

---

א לאנגע צייט האט זי ניט געקענט איינשלאפען. ער איז א פוסטער מענש, אומזיסט איז ער אזוי בעריהמט.

אבער אלע וואך האט זי געקויפט דעם זשורנאל, וואו ער שרייבט. ערשט איצט איז זי נייגיעריג צו לעזען, וואס שרייבט אזא פוסטער קאפ. ענדליך האט זי וואס געפונען.

דאס איז געווען א קליינע זאך, אבער אזוי שעהן, אזוי ריהרענד און דער עיקר — אזוי טיעף!

האט עס דער זעלבער געשריעבען? זי האט בעטראכט אויבען דעם נאמען. יא, עס איז דער זעלבער! ווי אזוי איז דאס אבער מעגליך?

זי האט זיך דערמאנט זיין ארדעס. אבער ניין, זי וועט איהם ניט שרייבען, פערזענליך איז ער גאר ניט אינטערע־סאנט.

איבעריגענס א פאר ווערטער וועט זי איהם שרייבען: זי האט געלעזען זיין זאך און זי דאנקט איהם; עס איז זעהר שעהן געוועזען. מאנכע געפיהלען האט ער ווי פון איהר הארץ ארויסגע־גנבה'ט: א וואונדער פון וואנען ער ווייס דאס!...

נאכדעם האט זי צוגעשריעבען: איך האב איך געוואלט זעהן.

זי האט באלד די שורה אויסגעשטראכען. אבער איבערלע־זענדיג צוריק דאס, וואס זי האט פון איהם געלייענט האט זי זיך בעהערשט און אנגעשריבען: איך וויל אייך זעהר זעהן — איך בעט אייךווארט מיך היינט אפ...

ער איז געקומען פונקטליך.

---

—איך דאנק אייך פאר אייער בריוועלע! — האט ער זי בעגעגענט. און אנקוקענדיג זי האט ער בעמערקט:

— איהר טראגט היינט אן אנדער הוט... זי פאסט אייך זעהר.

— זייט דאס מאל ערנסט! — האט זי זיך געבעטען. — קומט אין טעאטער, וואו מען שפיעלט היינט שעקספיערס א שטיק...

— שעקספיערס ?! — האט ער זיך דערשראקען! א, איך בעט אייך. איך וועל טהאן פאר אייך וואס איהר ווילט, נאר ניט דאס...

— וואס דען ווילט איהר ? — האט זי געפרעגט.

— איך האב אויסגעפונען ערגעץ אויף אן עוועניו א נייעם וואדעוויל הויז — זעהר אינטערעסאנט! — קומט!

זי איז מיט איהם אוועק.

— געפעלט אייך דא? — האט ער זי יעפרעגט ארייגנגע־הענדיג אין א ביליגען וואדעוויל.

— ניט זעהר...

— פאר וואס?... דא איז אינטערעסאנט... דא איז זעהר אינטערעסאנט. דא קומען די פרייסטע ארימע מענשען זיך אמו־זירען... באלד וועלען ארוים צוויי שעוועסטער. זיי זינגען זעהר וואולגארע ליעדער. דער עולם גלייכט עס... איך האב עס אויך מאנכמאל ליעב... אזוי לייכט.

חעניע האט איהם אנגעקוקט און ניט פערשטאנען. ענדליך האט זי זיך אנגערופען:

— זייט איהר טאקי דער זעלבינגער?

— וועלכער זעלבינגער...

— וואס שרייבט?...

— נו, געווים...

זי האט זיך פערטראכט. זי האט ווידער בעשלאסען מעהר ניט צו זעהן זיך מיט איהם.

---

נאכ'ן וואדעוויל האט ער זי איינגעלאדען אין א רעסטא־ראן, זי האט זיך אבער ענטזאגט, ער האט זי בעגלייט א היים...

זי האט זיך מיט איהם געזעגנט קאלט, ארויף אויף די טרעפ און איז פערשוואונדען אין איהר צימער.

אריינגעהענדיג אין צימער האט איהר אנגענומען א בענק־שאפט, און זי האט גע'חזר'ט זיין אדרעס...

---

איינמאל האט זי בעשלאסען צו נעהמען זיך צו איהם פעסט. זי מוז ענדליך דערגעהן זיינע סודות.

— איך האב געוואלט וויסען אייער בליק אויפ'ן לעבען?

האט זי איהם ביי אן אנדער מאל זעהן זיך געפרעגט און איהם בעדייטענד אנגעקוקט.

— אויף וועמעס לעבען? — האט ער בתמימות איבערגע־פרעגט.

— איך מיין אויפ׳ן לעבען אין אלגעמיין...

— ענטקעגען וואס פרעגט איהר עס איצט, עס איז אזא שעהנער אבענד...

— איהר פייניגט מיך! — האט זי זיך געקלאגט.

ער האט זי אנגעקוקט דערשראקען:

— איך אייך?...

— געוויס! געווים! — האט זי זיך צושריען. — איהר זייט אזא גרויסער מענש און מיט מיר רעדט איהר וועגען נא־רישקייט. איך פיהל מיך בעליידיגט...

ער האט זי אנגעקוקט פערוואונדערט:

— וועגען וואס זאל איך מיט אייך דען רעדען?

— וועגען ערנסטע זאכען — האט זי זיך געבעטען — וועגען קורצע קליידער און העמם און מופענפיקטשורס קען איך דאך רעדען מיט א ליארדע באי פון א שאפ...

ער האט געשמייכעלט און געשוויגען און ענדליך זיך אנגע־רופען:

— וועגען ערנסטע זאכען רעד איך מיט מיינע קאלעגען, מיט׳ן רעדאקטאר און מיט מיין אלטער מיסעס. איך האב נעכ־טען געהאט מיט איהר א געשפרעך וועגען רעוומאטיזם... ווילט איהר איך זאל מיט אייך שמועסען וועגען דעם...

— ניין — האט זי זיך דערשראקען — איך וויל וועגען ליטעראטור, וועגען קונסט...

— עס איז פאר מיר ניט אינטערעסאנט...

— איך וויל איהר זאלט מיר דערצעהלען ווי אזוי איהר שאפט... — האט זי זיך געבעטען.

— קודם טונק איך איין די פעדער... — האט ער אנגעהויבען...

— איהר מאכט פון מיר חוזק... — האט זי איהם פראטעסטירענדיג איבערגעשלאגען — איהר זענט א ציניקער!

— אום גאטעס ווילען, פאר וואס זידעלט איהר מיך — האט ער זי אנגעקוקט.

— טא זאגט מיר אין וואס בעשטעהט אייער קראפט?

— אין מיינע לאנגע האר... — האט ער געשמייכעלט.

— איהר מאכט ווידער חוזק... איבריגענס איך וועל זיי אייך אבשערען, ווי דלילה...

— אבער איהר וועט מיך פריהער מוזען איינשלעפערען ביי אייך אויפ׳ן שויס...

— יא.. האט זי שוואך ארויסגערעדט.

זי האט איהם ארויפגענומען צו זיך. ער האט זיין קאפ אוועקגעלעגט אויף איהר קניה. און זי האט געגלעט זיינע בלאנדע לאקען און געמורמעלט.

— איצט ווייס איך אין וואס דיין קראפט בעשטעהט.

— אין וואס? — האט ער ווי פון חלום געפרעגט.

— אין דער ליעבע! —

— יא! — האט ער שטיל געענטפערט און זיך געצויגען צו איהר —

— איז דאס ניט גענוג ערנסט?

זי האט קורץ געענטפערט:

— יא. ענדליך האב איך דיך פערשטאנען! —

# די פרוי וואָס ארבייט.

צוויי טעג נאָך זייער „אָפיציעלער“ חתונה האָט עני ארויפ־געלעגט איהר קליינע האנד אויף בערמאנ׳ען און איהם ווי א סוד אריינגעשושקעט: — איך דאנק דיר פאר דעם וואָס דו האָסט מיך בעפרייט פון שאָפּ.

און זי האָט איהם א שטארקען קוש געגעבען.

בערמאן האָט ווי פערשעמט זיך און אינערליך א ציטער געטהאָן.

ער האָט אבער זיין פערלאָרענקייט בעהאלטען און צודריי־קענדיג זי צו זיך פעסטער ווי געוועהנליך, האָט ער מיט פייער געענטפערט:

— אָ, מיין שעהנע עני — ארבייטען וועסטו שוין קיינ־מאָל ניט.

ער האָט נאָכדעם געריבען דעם שטערען מיט דער האנד און זיך דורכגעגאנגען איבער׳ן צימער.

האָט איהם עני ווידער אבגעשטעלט און זיך קינדיש צווזונגען:

— איך פיהל מיך איצט גאַרנישט, ווי א ווייבעל, נאָר ווי א קינד, וואָס וויל זיך שפּיעלען. נעהם מיך בערמאן און טראָג מיך ווי א שעפּסעלע.

בערמאן האָט זי פעסט צוגעדריקט צו זיך און געענטפערט:

— ווי א שעפּסעלע טראָגען דיך?... געוויס... ווי א שעפּ־סעלע... נו, נעהם מיך ארום...

ער האָט זי אזוי ארומגעטראָגען הין און צוריק איבער׳ן צימער.

ענדליך האָט זי בעזאָרגט אויסגערופען:

— בערמאַן, איך בין דיר שווער?...

— ניין, ניין! — האָט זיך בערמאַן אנגעכאַפּט ווי אַ בעלײדינגטער.

— טאַ טראָג מיך נאָך!

ענדליך האָט בערמאַן זי פאַרזיכטיג, ווי אַ קוישעל מיט גלעזערנע געשיר, אַראָבגעלאָזט אויף דער ערד און אָבגעאָטהעמט.

— ע... שווער, שווער געווען! — האָט זיך עני קינדיש גערייצט מיט איהם.

— ניין... ניט שווער... איך מוז אָבער געהן אין אַפּיס...

— שוין... לאָזט מיך אליין! — האָט זיך עני קינדיש געקלאָגט.

אָבער באַלד איז זי געוואָרען ערנסט און אננעהמענדיג איהם פאַר'ן לאַץ פון ראָק האָט זי זיך געבעטען:

— בערמאַן, ווי פיעל נעהמסטו אַ וואָך אין אַפּיס?...

— נישט דיינע דאגות!... — האָט בערמאַן געמאַכט זיך, ווי ער איגנאָרירט די פראַגע.

— ניין... ניין!... דו מוזט מיר זאָגען... איצט וויל איך וויסען — האָט זי זיך געפּיעסטעט.

— צו וואָס? — האָט בערמאַן זי אנגעקוקט מיט אַ פערדעכטיגען בליק.

— איך וויל וויסען ווי אַזוי די הוצאה צו פיהרען! האָט זי געלאַכט.

— וואָס ברייטער! — האָט בערמאַן צוריק געשמייכעלט.

— איך וויל וויסען ווי פיעל דו פערדיענסט — האָט עני ווידער געמאַהנט — דו האָסט נאָך מיר קיינמאָל ניט געזאָגט— ביז אַהער האָט עס מיך ניט אינטערעסירט, אָבער איצט מוז איך דאָך וויסען — איאַ?

זי האָט אויף איהם אויסגעשטעלט איהרע גרויסע אויגען און געוואַרט אויף אַן ענטפער.

— עס איז אַ סוד! — האָט בערמאַן אָנגעהאַלטען דעם שפּאַסיגען טאָן.

— טאַ זאָג מיר אויס! — האָט זיך ענִי אַלץ געבעטען.

— הונדערט דאָלאַר אַ וואָך! געננוג?

— נו — נו... איז עני ווי ביין געוואָרען — זאָג דעם אמת!...

— הונדערט... — האָט בערמאַן געשמייכעלט, כדי זי זאָל זעהן אַז עס איז נאָר אַ וויץ.

— ביזט אַ ליגנער... — האָט עני צוריק זיך געווער־טעלט — זאָג דעם אמת — דרייסיג?

— טאָרסט ניט וויסען!

— איך וויל און איך מוז וויסען! — האָט זי זיך בעליי־דיגט און אָנגעשטעלט די ליפּעלעך, ווי צום וויינען.

— זיי ניט קיין קינד! — איז בערמאַן ערנסט געוואָ־רען — וואָס געהט דיר אָן ווי פיעל? מיר וועלען מאַכען [illegible] לי־בען און געננוג.

און געבענדיג איהר אַ שטאַרקען קוש פאַר'ן אוועקגעהן האָט ער זי בערוהיגט:

— פאַר אונז ביידען וועט זיין געננוג... און שלסליך דאַרף מען לעבען, ווי אַזוי מען קען... דו פערשטעהסט עני'לע! קיין גביר בין איך ניט... אָבער לעבען וועלען מיר.

ער האָט זיך געגרייט אוועקצוגעהן, אָבער באַלד האָט ער זיך דערמאָנט עפּעס און איז שטעהן געבליבען.

— האָסט דאָכט זיך קיין געלד ניט... — האָט ער אַרויס־געמורמעלט.

— טאַ לאָז מיר איבער — האָט זי געשמייכעלט — אָבער וואָס מעהר!...

ער האט זיך גענומען גריבלען אין טאש און פון דארט ארויסגענומען א דאלארדיגען ביל...

— און ווי פיעל האסטו דיר איבערגעלאזט... — האט עני פערזארגט געפרעגט.

— א, פאר מיר זאל דיך נישט ארען — איך האב גענוג.

---

אזוי האט דער סוד אנגעהאלטען וואכען און מאנאטען.

בערמאן האט זיך אלץ געשטיקט מיט זיין קליינעם געהאלט, וואס ער בעקומט... ביז וואנען זי האט אלץ ערפאהרען און מיט בעדויערונג האט זי געמורמעלט:

— פערדיענסט, בערמאן, אזוי וועניג!...

אבער איהר געפיהל צו איהם איז דערפון ניט שוואכער געווארען. פערקעהרט, צייטענוויינז האט זיך איהר געדאכט אז זי מוז נאך איהם שטארקער ליעבען און עס האט איהר געטריבען צו טהאן עפעס פאר איהם, אויסהעלפען איהם ווי א חבר...

און איינמאל האט זי א זאג געטהאן מיט א געלעכטערל:

— ווייסט בערמאן, איך געה דאך אין ניכען ארבייטען.

בערמאן איז געווארען בלאס ווי קרייד. ער האט זיך אנגענומען פאר ביידע הענד און געזאגט:

— רעד נישט קיין נארישקייטען!

— נו, טא מאך מיר א מאנטעל! — האט זי וויעהער געלאכט.

— א מאנטעל... געווים... געווים... האט בערמאן געשטאמעלט.

דא איז עני געריהרט געווארען, און האט איהם געגלעט איבער'ן קאפ:

— איך האב געמאכט א שפאס... איך ברויך גאר נישט קיין מאנטעל... דער פאר־א־יאהריגער איז נאך גאנץ גוט... איך

האב גלאט געוואלט געחען ארבייטען, דיר העלפען אביסעל...
איך וויל דו זאלסט זיך אברוהען.

בערמאן האט זי אנגעקוקט און דאס ערשטע מאל בע־מערקט אין איהרע אויגען א טרויער.

ער האט זי ארומגענומען, א קוש געטהאן און געזאגט:

— עני, איך בין טאקי נישט רייך, כמעט ווי ארים, אבער פאר דיר וועל איך אלעס טהאן. דו זאג מיר נאר וואס דיר פעהלט...

— מיר פעהלט.. מיר פעהלט... האט עני זיך גענומען ווי דערמאנען, אבער באלד האט זי זיך צולאכט:

— נאר דו, מיר פעהלט גארנישט... אויסער א פאר שיך פאר דריי דאלער...

— דריי דאלער... געוויס... האט בערמאן געשטאמעלט...

— איך דארף קויפען שיך... פערשטעהסט... דו מיינסט עפעס, אז אונזערע שיך זיינען ווי אייערע...

און זי האט אוועקגעשטעלט איהר פוס אויף א שטול און לאכענדיג איהם געוויזען.

— ס'הייסט, די אבצאסען אויסגעקרימט אביסעל... — האט בערמאן שטיל, ווי א בעשולדיגטער ארויסגעברומט.

— אודאי... אזוי זיינען זיי נאך גוט... — האט עני איהם בערוהיגט... איך קען זיי נאך טראגען און טראגען...

— טראגען און טראגען... איז בערמאן בעליידינט געווא־רען פון איהר טאן — איך זאג דען דו זאלסט זיי טראגען נאך לאנג?... איך מיין נאר, אז עס איז אביסעלע אויסגעקרימט. אבער מען קען קויפען נייע... אודאי נייע! — האט ער זיך פלוצים בעגייסטערט. איבערמארגען נעהם איך אב דאס גע־האלט און מיר געהעןביידע קויפען דיר שיך.

אבער איבערמארגען איז געווען דער ערשטער און מען האט געמוזט בעצאהלען דירה געלד...

---

**אין צוויי טעג ארום** האט בערמאן קומענדיג פון אפיס זי געטראפען פערטיעפט איבער א צייטונג.

— וואס האסטו פלוצים די צייטונג געקויפט?...— האט ער עפעס פארגעפיהלט.

— איך האב דא עפעס געזוכט... — האט עני געענט־פערט און א שמייכעל געטהאן.

— וואס זוכסטו דא דען איצט? — האט בערמאן זיך גע־וויצעלט — א מאן האסטו דאך שוין...

— נא, אין ד ע ר צייטונג איז ניטא קיין חתנים, דא זיינען דא שעפער. זעהסט א צעטעל! — און עני האט איהם אנגעוויזען אויף צוויי איינגעטונקטע זייטען מיט „פערלאנגטס"..

— איז וואס געהט דאס דיר אן? — האט זיך בערמאן געמאכט נישט וויסענדיג.

— אינטערעסאנט... — האט עני צוריק זיך געמאכט ניט וויסענדיג — זעה, בערמאן, וויפיעל ארבייט עס איז דא... ביי מיין „פאך" איז היינט זעהר „ביזי". מען קען פערדיענען א סך געלד!

בערמאן האט געוואלט פרעגען „אויף וואס דארפסטו די געלד?" אבער באלד האט ער זיך דערמאנט, אז דאס וועט נאר אויפוועקען די פראגע וועגען שיך און וועגען א מאנטעל און ער האט זיך אבגעהאלטען פון שטעלען פראגען.

ער האט דערפיהלט, אז עני וועט פריהער אדער שפעטער געצוואונגען זיין צו געהען אין שאפ און וואס איז די פעולה אז ער וועט זיך מאכען נאריש און זי אבהאלטען.

ער האט זיך דערפיהלט נידערגעשלאגען און קליין. ער האט זיך אוועקגעזעצט ביים טישעל און געקוקט שטום אויף א וואנד. עני האט בעמערקט זיין דערשלאגענהייט. זי האט איהם גע־וואלט עפעס זאגען, טרייסטען, אבער אויך איהר האט די צונג נישט געדיענט.

---

אין א וואך ארום איז עני שוין געגאנגען אלע אין דער פריה צו דער ארבייט.

קומענדיג פון אפים א היים האט בערמאן זי געטראפען ליגענדיג אין בעט.

— ביזט מיעד... האט ער קוים געפונען מוטה זי צו פרעגען...

— אביסעלע — האט זי שטיל, ווי פערשעמט און פערשולדיגט געענטפערט.

בערמאן האט געוואלט צופאלען צו איהר אויפ'ן בעט און דריקען זי צו זיך ווי דאן, די ערשטע נאכט ווען זיי האבען זיך אין דאזיגען צימער ארייננעקליבען אויף מארגען נאך דער אפיציעלער חתונה. אבער באלד איז איהם א געדאנק דורכגעלאפען אין קאפ...

— דו האסט אויף איהר איצטער קיין רעכט... זי געהערט ניט דיר — זי ארבייט!

ער האט געפונען אין זיך בלויז מוטה אוועקצוזעצען זיך אויפ'ן ברעג פון בעט און א גלעט טהאן איהר דאס געזיכט...

זי אבער, א מידע, האט מיט א בעטענדיגען בליק איהם אנגעקוקט און ער האט די האנד גלייך אוועקגענומען.

„א פרוי, וואס ארבייט“ — האט ער זיך אליין גערייצט — איז ניט פאר ליעבע...

ער האט זיך דאך ווידער געפרופט זי אויפצומונטערען און ער האט זיך ווייך געווענדעט:

— דיר איז שווער? — איך בעט דיך הער אויף צו ארבייטען. מען וועט זיך אן עצה געבען...

עני האט זיך אויפגעזעצט, אויסגעריבען די אויגען, האט איהם אנגעקוקט און א שטומען שמייכעל געגעבען.

ער האט זיך דערפיהלט ווי א איינגעלע, וואס געהט דאס ערשטע מאל מאכען זיין ליעבעס ערקלערונג און געפינט קיין ווערטער ניט. ער האט איצט צו עני'ן געהאט א געפיהל, ווי נאר דאס ערשטע מאל ווען ער האט זי בעגעגענט — א פרעמדע און א ליעבע.

אבער דאן איז ער געווען פול מיט ליכטיגע האפנונגען. ער וועט ביי איהר האבען ערפאלג, ער וועט איהר פערשפרעכען גאלדענע גליקען און זי וועט איהם אלעס גלויבען. אבער איצט איז ער ניט אין שטאנד איין גוט ווארט ארויסצוזאגען איהר. איין פערשפרעכונג איהר צו מאכען, זי וועט איהם ניט גלויבען און ער אליין גלויבט זיך אויך ניט.

דאס וויכטיגסטע: בעפרייען זי פון דער ארבייט—האט ער ניט געקענט.

ער האט זיינע פליכטען צו איהר ניט דערפילט!

ער איז שטום און אבהענדיג אוועק פון בעט און זיך צוגע־שפארט אויף דער קושעטקע וואס איז געשטאנען ביי דער אנ־דערער וואנד.

דארט אין בעט געגענאיבער איז געלעגען א פרעמד שעהן ארבייטער־מיידעל, וועלכע בערמאן האט זעהר ליעב. אבער ער גלויבט ניט אז ער זאל זי געווינען. די אילוזיעס זיינען צורונען געווארען.

ווי אזוי־זשע ערקלערט ער זיך איצט איהר אין ליעבע? וואס זאל ער איהר זאגען, אז אויך זי זאל איהם צוריק ליעב בעקומען?

און ער האט געזוכט פערשידענע וועגען און פלענער, ווי אזוי דאס דאזיגע מיידעל וואס רוהט זיך אב איצט פון דער ארבייט אין שאפ, זאל צוריק ווערען זיין פרוי...

באלד האט ער זיך אבער דערמאהנט אן די פאפיערען און אן דעם רינגעלע וואס זי טראגט אויף איהר האנד. דאס האט איהם אביסעל צוגעגעבען מוט. אמת, ער וויים, אז דאס אליין האט וועניג קראפט די היינטיגע פרוי צוצוהאלטען, אבער אין דעם דאזיגען מאמענט פון פערצווייפלונג האט ער זיך אויך אן דעם אנגעכאפט און געזוכט דערמיט זיך צו ראטעווען...

ער האט זיך אויפגעהויבען פון קושעטקע און איז ווידער צוגענאנגען צו עני'ן.

ער האָט זי אָנגענומען פאַר דער רעכטער האַנט און עפּעס געזוכט אויף איהר פינגער.

ניט געפינענדיג דאָס, האָט ער מיט שרעק א פרעג געטהאָן:

— ענני, וואו איז דאָס רינגעלע... פערלוירען?...

ענני האָט א געניץ געטהאָן און געענטפערט:

— ווילסט אין שאָפּ זאָל איך טראָגען דאָס רינגעלע?... מען מוז דוקא וויסען אז איך בין א ווייבעל?

און בעמערקענדיג זיין פערלאָרענהייט האָט זי א געצוואונגענעם שמייכעל געטהאָן און צוגעגעבען:

— אין שאָפּ בין איך צוריק א מיידעל געוואָרען...

בערמאַן האָט צוריק געשמייכעלט אבער דאָס פּנים האָט איהם געברענט פאַר שאַנד.

# די לעזערין פון „וואָירלד".

נאָכ'ן „סיזאָן" בלייבט איבער לינא'ן די עטליכע צעהנדליג דאָלאַר אויף די עטליכע חדשים „סלעק". די דאָזיגע סומע זאַמעלט זי אָן אין פּאָסט אָפּיס. דער בעאַמטער, א הויכער מאָגערער יונגערמאַן, קען זי שוין און ווען זי טראָגט איהם אריין די לעצטע „פּעי" פון סיזאָן, שמייכעלט ער צו איהר פריינדליך און זאָגט:

— וועסט אָנזאַמלען א פערמעגען!

דערצעהלט איהם לינא, אז באלד וועט זי אָנהויבען ביסלעכווייז צוריק ארויסנעהמען, ווייל דער סיזאָן איז שוין געענדיגט.

און ווירקליך הויבט זי אָן אַלע וואָך ביסלעביווייז אָבצוצאָפּען פון „ביכעל" — ביז אין פערלויף פון א צוויי מאָנאט בלייבט אין פּאָסט־אָפּיס איין דאָלאַר...

דעם דאָזיגען דאָלאַר לאָזט זי שוין דאָרט איבער.

וואָס זי איז אויסען דערמיט, ווייסט זי אליין ניט.

מעגליך, אז דערמיט איז זי אויסען ניט איבערצורייסען אינגאַנצען די בעציהונגען מיט'ן בעאַמטען, וועלכער נעהמט איהר שטענדיג אַזוי פריינדליך אויף, און מעגליך, אז זי וויל ניט ריזיקירען און בלייבען גאָר אָהן אַן אייגציגען דאָלאַר. עס ווערט דאָך פרעהליכער, ווען מען כאַפּט זיך אויף אין דער פריה און מען דערמאָהנט זיך, אַז די לאַגע איז נאָך ניט אַזוי פערצווייפעלט: אין פּאָסט אָפּיס האָט זי נאָך א דאָלאַר פערמעגען און אז עס וועט האַלטען גאָר שמאָל קען זי איהם יעדען טאָג צוריק בעקומען.

ווייל לינא'ן האט שוין פאסירט אז זי איז אמאל אין גאנ־צען געבליבען אהן איין סענט און צום סיזאן איז נאך געווען אזוי לאנג צו ווארטען און פון פאסט־אפיס־ביכעלע איז איהר בלויז געבליבען די טאוועלעך...

אבער אממעהרסטען איז זי מיט דער אנגעזאמעלטער סו־מע פארזיכטיג. זי מארקירט אויס, אז ביז'ן נייעם סיזאן זאל זי ניט דארפען צו שטארק מאנגלען, און דערפאר בלייבט דער דאלאר אין פאסט אפיס ליגען טאקע ביז'ן נייעם סיזאן.

דער בעאמטער בעגריסט איהר מיט א פריינדליכען שמייכעל און בעקוקענדיג איהר אלט ביכעלע, זאגט ער איהר אן די שמחה:

— האסט נאך א דאלער פון פריהער!

אבער לינא ווארט ניט אויף דער לעצטער מינוט, ווי נאר זי האלט ביים לעצטען דאלאר, הויבט זי שוין אן זוכען ארבייט.

זונטאג פריה קויפט זי א „וואירלד" פאר פינף סענט. אין „וואירלד" געפינט זי יעדען סיזאן א שאפ.

צום שאפ נעהמט זי זיך אבער ניט באלד. פריהער קוקט זי דורך די אלע בילדער פון דעם זונטאג מאגאזין און די אלע בעשרייבונגען פון די פערשידענע אקטריסעס, זינגערינס און טענצערינס.

איין אקטריסע מיט צוויי גרויסע, שווארצע אויגען, נעהמט צוויי הונדערט טויזענד דאלאר א יאהר. די „וואירלד" שרייבט אויסדריקליך, אז דאס צאהלט מען איהר בלויז פאר איהרע שעה־נע אויגען.

און אין לינע'ס הארץ דערוועקט זיך א געפיהל פון קנאה.

זי שטעלט זיך אוועק ביים שפיגעלע וואס איז צוגעשלאגען צום וואנט אין איהר רום, זי עפענט ברייט אויף איהרע אויגען און בעטראכט זיי. זי איז זיכער, אז איהרע אויגען זיינען ניט מאוס'ער פון דער דאזיגער אקטריסע'ס אין דער „וואירלד"...

און פאר וואס האט זי פערנאכלעסיגט אזא דזשאב ווי צוויי

הונדערט טויזענד דאָלאַר אַ יאָהר? ווי באַלד, אַז שפּיעלען קען יענע אויך ניט און מען צאָהלט איהר בלויז פאַר די אויגען...

זי פּיהלט זיך ווי בעליידיגט און געקריוודעט. און נעהמט זיך ווייטער צום לייענען.

אַט איז אַ טענצערין וואָס אַ מיליאָנער האָט זיך אין איהר פערליעבט און איצטער מאָהנט זי ביי איהם צוויי הונדערט טויזענד דאָלאַר פאַר איהר צובראָכען האַרץ.

און לינאַ דערמאָהנט זיך, אַז איהר האַרץ האָט שוין אויך איינער צובראָכען און טאַקע אויף אַן אמת — צובראָכען. אַבער זי האָט דערפון קיינעם ניט דערצעהלט, פאַר קיינעם ניט גע־קלאָגט און ביי קיינעם ניט געמאָהנט. זי איז בלויז אַ חודש צייט קראַנק געווען און האָט ניט געקענט געהן אַרבייטען. די דאָזיגע ליעבע האָט איהר נאָך געקאָסט...

לינאַ שלינגט אַראָב אַ טרער, וואָס די דאָזיגע עראינערונג האָט ביי איהר אַרויסגערופען און זי לייענט ווייטער וועגען אַ רייכער מיידעל, וואָס איהר טאַנטע האָט איהר איבערגעלאָזט דריי מיליאָן דאָלאַר און זי האָט די וואָך חתונה געהאַט מיט אַן אָרי־מען סטודענט.

און לינאַ מאַכט אַ חשבון אַז פאַר די דריי מיליאָן האָבען געקענט חתונה האָבען דער גאַנצער שאָפּ מיידלעך, וואָו זי האָט דאָ ניט לאַנג צוריק געאַרבייט.

און ווידער טראַכט זי, אַז ווען זי האָט דריי מיליאָן, וואָלט זי גאָר ניט חתונה געהאַט, ווארום עס איז אונמעגליך, אַז מען זאָל ליעב האָבען אַ מיידעל, וואָס האָט אַזוי פיעל געלט.

אַבער ביי דער רייכער כלה בלייבט זי ניט לאַנג. לינאַ'ן אינטערעסירען מעהר די אַקטריסעס, טענצערינס און זינגע־רינס. זייער לעבען איז אַזוי לייכט און אַזוי לוסטיג.

און אַז זי לעזט דורך די אַלע סענזאַציעס פון דער דאָזי־גער ליעבע־וועלט, דערמאָהנט זי זיך ערשט, אַז די „וואָירלד“ האָט זי ניט צוליעב דעם געקויפט.

אויסען איז זי געווען בלויז די „וואנטס“, זי ראדף א שאפ.

אבער נאך אזוינע פרעמדע גליקען, וועלכע זי האט נאר וואס אויסגעלייענט אין דעם מאגאזין, איז איהר אזוי שווער צו נעהמען זיך צו יענע געדיכטע „זייטען“, וואו עס איז פינס־טער און קאלט, ווי אויף א בית־עולם, יעדער „וואנט“ זעהט אוים ווי א קבר׳ל...

אבער וואס העלפט עס? אין פאסט־אפים פערמאגט זי בלויז איין דאלאר, און אין איהר האנט־טאש ליגען בלויז עט־ליכע ניקעלס.

און זי געהט איבער פון דעם פרעהליכען טייל צו דעם טרויעריגען, צום בית־עולם...

זי קלויבט אויס עטליכע „וואנטס“, שניידט אוים די אד־רעסען און בעהאלט עס אין איהר האנט־טאש.

מארגען מוז זי גאנץ פריה אויפשטעהן, שטעלען זיך מיט דער רייהע אוןווארטען, ביז א ווילד פרעמדער מענש וועט זי אויפנעהמען צו דער ארבייט.

נאכ׳ן דאזיגען בעשלוס, שטעלט זי זיך ווידער אוועק ביים שפיגעל, בעטראכט איהרע אויגען און קומט ווידער צו דער איבערצייגונג, אז זיי זיינען זיכער ניט מאוס׳ער פון יענערס אויגען, וואס בעקומט צוויי הונדערט טויזענד דאלאר א יאהר...

אבער פאר איהרע אויגען וועט איהר קיינער א סענט ניט געבען. ברויכען ברויך מען בלויז איהרע הענט.

זי בעטראכט איהרע דינע, איידעלע פינגער. איינער איז נאך נים איינגאנצען פערהיילט פון א שטאך, וואס זי האט גע־מאכט אין שאפ מיט דער נאדעל...

און אויך מארגען איז דער פריה שטעהט שוין לינא ביי א טישעל און ארבייט בשכנות מיט א נייער חבר׳טע.

זי בעטראכט דער חבר׳טעס אויגען און איהר דאכט זיך,

אז אויך דער חבר'טעס אויגען זיינען פונקט אזוי שעהן ווי ביי יענער אקטריסע.

און אז זי געהט ארוים מיט איהר אויף דינער אין נאהענ־טען ארבייטער־רעסטאראן, קען זיך לינא נישט איינהאלטען און ווענדעט זיך צו איהר מיט א פראגע:

— דו לעזט די „וואירלד“ ?...

— ווי א מאל... ענטפערט יענע, וואס איז דען ?

— איך האב נעכטען געלעזען אין דער „וואירלד“, אז אן אקטריסע נעהמט פאר איהרע שעהנע אויגען צוויי הונדערט טויזענד דאלאר א יאהר...

— נו ,יא... איך קען זי... ענטפערט מיט שמחה די חבר־טע... איך האב זי געזעהן אין מואווינג־פיקטשורס... א שעהנע! זעהר א שעהנע!

לינא קוקט זי אן ווי ברוגז: זי איז א נאר, זי פערשטעהט ניט, אז איהרע אויגען זיינען אויך אזוי שעהן, נאר עס איז בלויז א צופאל, וואס זי ארבייט אין שאפ.

אבער לינא זאגט עס איהר ניט הויך, די חבר'טע וועט עס ניט פערשטעהן...

# דער שלום.

— יא, מיינע פריינד — האט אנגעהויבען גוטמוטיג דער בלאנדער, פערציג יעהריגער מאן מיט די מילדע בלויע אויגען, ארום וועלכע עס זיינען געוועזן אויסגעלעגט קנייטשען פון אי־בערלעבונגען און ערפאהרונגען — דער מענש איז שטענדיג אונ־צופרידען, בייז, אייפערזיכטיג צו פרעמדע גליקען, וועלכע אין דער ווירקליכקייט עקזיסטירען זיי קיינמאל ניט. — אין קור־צען אויסצודריקען עס וועל איך זאגען, אז דער מענש איז אן אונצופריעדענע, פערביסענע חיה...

און דאך, מיינע פריינד, פאסירען אין מענשענס לעבען אזוינע מאמענטען, ווען ער ווערט פריי פון די אלע אונצופריע־דענהייטען, אייפערזיכטס־געפיהלען, פערביטערטקייט און ער ווערט דאן, ווי ניי־געבוירען.

דאס מערקווירדיגסטע דערפון איז, וואס די דאזיגע מאמענ־טען פאסירען ווען דער מענש איז באמת אונגליקליך, ווען זיין שלים־מזל האט איהם געגעבען דעם לעצטען קלאפ, ווען אלע וועגען, אלע שטעגען זיינען פאר איהם פערשטעלט און ארום איהם איז בלויז יאוש, אונגליק און אן אונאויסגעננליכע לאגע...

ווילט איהר, אז איך זאל אייך די דאזיגע טעאריע מיינע אילוסטרירען מיט א פאקט? איהר מעגט עס הערען, עס איז אי בעלעהרענד אי אינטערעסאנט...

עס איז געוועזן מיט יאהרען צוריק, ווען איך בין נאר וואס געקומען אין ניו־יארק. איך בין דאן אלט געוועזן ביי א דריי־פיער און צוואנציג יאהר. געפאהרען בין איך צו געפינען דא דאס אמת'ע גליק. איהר קענט זיך אבער פארשטעלען מיין ענטוי־

שונג, ווען ניט געפינענדיג קיין ארבייט די ערטע עטליכע וואָ־
כען און ניט האבענדיג דאָ קיין נאָהענטע פריינד, בין איך ענד־
ליך געצוואונגען געוואָרען צו געהן ארבייטען ביי העמדלעך פאר
דריי דאָלאר א וואָך. אך, ווי בייז איך בין דעמאָלט געווען אויף
אמעריקא, אויף דער גאַנצער וועלט און אויף זיך! אין שאָפּ בין
איך געשטאַנען ווי א חיה רעה און מיט קיינעם ניט אויסגערעדט
קיין וואָרט, פּונקט ווי יעדער איינער וואָלט שולדיג געווען אין
מיין אונגליק. די העמדלעך האָב איך געהאַסט, ווי דעם טויט,
דאָס זיינען געווען, לויט מיין דעמאָלטדיגער שטימונג, עקעל־
האפטע, מאוס'ע העמדלעך, וואָס פיעלע האָבען דאָן געטראָגען.
בענעגענענדיג א מענשען אין אזא מין העמדעל, האָב איך איהם
ניט געקענט אין פּנים אַנקוקען. די גאַנצע וועלט האָב איך דע־
מאָלט געטיילט אויף צוויי: אויף די וואָס טראָגען העמדלעך און
די וואָס טראָגען זיי און האָב אלע געוואונשען א מפּלה...

מיט אזא זעעלען־צושטאַנד, איז לייכט צו פערשטעהן, קען
מען ניט האָבען קיין סך פריינד. איך האָב זיי טאַקע ניט גע־
האַט. ערשטענס האָב איך קיינעם ניט געגעבען די געלעגענ־
הייט, טיעפער זיך צו בעקענען מיט מיר, ביי דער ארבייט בין
איך געזעסען שטום ווי די וואַנט, שוין אָבגעזעהן דערפון, וואָס
פיעל רעדען איז ניט געווען קיין צייט און קיין מעגליכקייט צו־
ליעב דעם געשריי פון די נעה־מאַשינען. צווייטענס האָב איך
זיך אויף איין אַרט, א דאַנק מיין בייזקייט און פערביטערטקייט,
ניט געהאַלטען און האָב ניט געהאַט קיין געלעגענהייט, ווען איך
זאָל אפילו וועלען, זיך צו בעקאַנען נאָהענט מיט וועמען עס איז
און ווערען בעפריינדעט...

נאַטירליך, האָט מען מיר געצאָהלט מיט דערזעלבער
מטבעה: מיט האַס און פעראַכטונג. אלע אין שאָפּ האָבען מיך
פיינד געהאַט. אין יעדער שאָפּ, וואו איך האָב געארבייט צו וואָך
אָדער צו עטליכע טעג, האָב איך געהאַט א בעזונדער צונעמע־
ניש. א פּאָר פון זיי געדענק איך נאָך גוט. אין איין שאָפּ האָט

מיר א בחור א נאמען געגעבען „דער מאגען־קאטאר", אין א צווייטען שאפ האט מיר שוין א מיידעל געגעבען א צונעמעניש: „דער זויערער פיקעל". יענער בחור וואס האט מיך גערופען דער „מאגען־קאטאר" איז היינט א בעקאנטער דאקטאר און איך הייל מיך טאקע ביי איהם, און דאס מיידעל, וואס האט מיך גערופען „דער זויערער פיקעל" האט שוין לאנג חתונה געהאט און זי האלט איצט א רעסטאראן וואו איך כאפ מיך אמאל אריין און עס אפ א מיטאג. אבער דאס האט ניט צו דער געשיכטע, קיין דירעקטע שיכות.

אלזא, ווי געזאגט, האט מען מיך אויך שטארק ניט ליעב געהאט און ענדליך, איז עס דערגאנגען אזוי וויט, אז איך האב ניט געקענט קריגען ערגעץ קיין ארבייט... אלע שעפער זיינען געווארען פאר מיר פערשלאסען.

איך זאל זאגען, אז דאס האט מיך שטארק געארט — קען איך ניט! פון איין זייט בין איך זאגאר געווען צופריעדען וואס איך בין פטור געווארען פון צו האבען דירעקטע בעציהונגען מיט מענשען. איך האב זיי געהאסט. א דאנק, וואס מיין געפיהל צו לעבען און גענוס איז געווען פערטעמפט און אבגעשוואכט, האב איך אפילו די דריי דאלאר א וואך, וואס איך האב פערדיענט, אין גאנצען ניט פערשוועדט. פערליערענדיג די ארבייט איז מיר נאך געבליבען א קאפיטאל פון עטליכע דאלאר. איך האב דאן אנגעווענדט אלע מיטלען פון עקאנאמיע, אז די עטליכע דאלאר זאלען זיך, וואס לענגער ציהען. איך קען מיך בעריהמען, אז אין קארנשאפט בין איך דאן געווען דער גרעסטער ערפינ־דער. אין דערזעלבער צייט, האב איך געזוכט בעשעפטיגונג, אבער ניט האבענדיג קיין רעקאמענדאציעס, א דאנק מיין אב־געזונדערטקייט פון מענשען, האב איך גאר ניט געקענט געפי־נען.

דערווייל איז, ניט קוקענדיג אויף מיין אונמענשליכער שפארזאמקייט, די עטליכע דאלאר אויסגעגאנגען. מיינע קליי־

דער האבען זיך אנגעהויבען צו רייסען. פון די שיף איז די פאַר־דעשוועס אינגאנצען אבגעטראָגען געווארען. דער ראָק איז וואָס ווייטער מעהר צוטראָגען געווארען אזוי, אז אין די גרעסטע היצען האָב איך געמוזט טראָגען מיין ווינטערדיגען ראָק און איך האָב געשוואומען איז אייגענעם שווייס...

באלד האָט זיך נאָך געענדיגט דער בעצאָהלטער מאָנאַט דירה־געלד. מיין מיסעס, אַן אָרימע, בייזע אלמנה, האָט מיר ניט געהייסען קומען נעכטיגען, ווייל מיין פלאַץ האָט זי פער־דונגען א מעהר רייכערען און גליקליכערען פאַר מיר. איך האָב אפילו ניט איבערגעדרעהט מיט דער צונג, צו בעטען איהר, אז זי זאָל מיר נאָך ווארטען, אז איך וועל קריגען ארבייט, אז אויב זי וועט מיך ארויסטרייבען, וועל איך מוזען ווערען א טרעמפּ און עס וועט קומען מיין סוף. צו בייז און אפשר צו שטאָלץ בין איך דערויף געווען. מיט א בייזען שמייכעל האָב איך פער־לאָזט דעם פינסטערען בייסמענט און בין ארויס אויף דער כלומרשט ליכטיגער גאַס.

געטראכט האָב איך דעמאָלט פון זעלבסט־מאָרד, נאָר אזוי ווי איך האָב געוואוסט, אז איך וועל די מענשען טהאָן דערמיט א גרויסע טובה, האָב איך זיי אויף צו להכעיס געוואָלט לעבען און אויב איך קען זיי ניט שטערען מיט מיין גליק, וועל איך זיי שטערען מיט מיין אומגליק... עד היום, ווען איך געה דורך גע־שעפטליך, נאַטירליך, די באוערי און איך זעה די אלע אָבגעריי־סענע און פערלאָרענע מענשען, דאכט זיך מיר, אז זייער לעבען איז נאָר א צו־להכעיס די גליקליכערע. קיין אנדער ציעל אין לעבען האָבען זיי ניט און איך גיב זיי אין גאַנצען גערעכט, כאָטש ווי איהר ווייסט, בין איך איצט א סך מענשענפריינדלי־כער... אבער צוריק צו דעם ענין...

ניט ווייסענדיג וואוהין צו געהן האָב איך אָהן ציעל גע־בלאָנקעט איבער אלע גאסען, כלומרשט געזוכט עפּעס בעשעפ־טיגונג, כאָטש געוואוסט האָב איך, אז איך וועל ניט געפינען.

אין טאַש האָב איך נאָך געהאַט אַ ניקעל... איך האָב געמאַכט מיט איהם פערשידענע פּלענער און האָב אויסגערעכענט, אַז איך זאָל זיך בעגעהן מיט איהם פאַרזיכטיג קען ער מיר, ביים דע־מאָלסדינגען זול, קלעקען אויף דריי־פיער טעג צו דערהאַלטען די נשמה.

מיין חשבון איז אבער געווען אַ פאַלשער. ביי דער גרעס־טער אָנשטרענגונג האָט ער מיר געקלעקט אויצ אַנדערהאַלבען טעג. די לעצטע פּעני האָב איך אויסגעגעבען צוויי אַזייגער ביי־טאָג אויף אַ גלאָז סאָדע־וואַסער, ניט וויסענדיג וואו מען קריגט אַ ריינע גלאָז וואַסער אומזיסט.

אויסטרינקענדיג די דאָזיגע גלאָז משקה און אוועקלע־גענדיג די לעצטע פּעני, האָב איך דערפּיהלט, ווי עפּעס אַ גע־שטאַלט וואָלט זיך פאַרביי געטראָגען מיין געזיכט, אַ שמייכעל געטהאָן און איז פערשוואונדען...

איך אליין האָב אויך אַ שמייכעל געטהאָן, זיך אָבגע־שטעלט און דערפּיהלט אין זיך אַ זאָנדערבאַרע ענדערונג; עפּעס אַ געוואַלדיגע גרויסע גוטסקייט און רחמנות געפיהל האָט זיך אין מיר דערוועקט צו אַלע מענשען... איך האָב געקוקט אויף אַלע וואָס זיינען מיר פערביי געגאַנגען און האָב אויף זיי גרויס רחמנות געהאַט.

מיט דעם דאָזיגען געפיהל בין איך אַוועק אין אַ קליינעם פּאַרק, וואָס האָט געדיענט פאַר אַ מקום מקלט פון אַזעלכע ווי איך. איך האָב מיך אוועקגעזעצט אויף אַ לעדיגע באַנק, בעטראַכט די אַלע זיצענדע, פון וועלכע פיעלע זיינען געשלאָ־פען, ווער מיט אַן אָראָבגעהאַנגענעם און ווער מיט אַ הין־און־הער אומוויגענדען קאָפּ.

איך האָב געקוקט אויף זיי און האָב זיי מאָרגע ליעב בע־קומען. אויף דער באַנק, וואו איך בין אליין געזעסען, איז מיר געוואָרען אומעטיג. עס האָט מיך געצומען ציהען צו זיי, צו די דאָזיגע מענשען, וואָס האָבען דערגרייכט די העכסטע שטופּע

פון אונגליק ווי איך, און האבען שלום געמאכט און זעהען אויס ווי גליקליך...

איך האב דערפיהלט א געוואלדיגע זיסע מיעדיגקייט. עס האט מיך געצויגען, נאך א נאכט פון וואכען, צום שלאף. דער דיקער פאליסמאן איז רוהיג פערביינעגאנגען, געדרעהט מיט'ן קלאב און דאך קיינעם פון די שלאפענדיגע ניט געטשעפעט. ער האט זיך געמאכט ניט זעהענדיג. איך האב איהם אין הארצען געבענשט.

און אלע, וואס זיינען פערבייגעגאנגען, זיי רייך סיי גליקליך, האב איך בעגלייט מיט ליעבעפולע בליקען און גוטמוטיג צו־געשמייכעלט, כאטש קיינער פון זיי האט מיך נישט בעמערקט... איך בין זיי דערפאר דאנקבאר געווען. איך בין געווארען שלום מיט זיי אלע, ביי דער העכסטער שטופע פון אונגליק. ווען איך האב ניט געזעהן קיין שום שטראהל פאר דעם ווייטערדיגען טאג — בין איך מיט זיי שלום געווארען...

דער דערצעהלער האט א גוטמוטיגען שמייכעל געטהאן, ארויסגענומען א קליינעם שווארצען זייגערעל פון ועסט־טאש, און דערזעהענדיג דארט אז עס איז שוין די שטונדע פון מיטאג אריבער, האט ער זיך אויפגעהויבען און גענומען אײלען:

— א, איך מוז שוין געהן אין אפיס!...

# די תשובה.

יאָסעל ראַבקין, אָדער ווי ער האָט אין שטעדטעל געהייסען, יאָסעל דער שניידער, האָט די ערשטע צייט פון גרויסע בעקוועמליכקייטען אין אמעריקא ניט געוואוסט. אריינגעפאַלען איז ער גלייך ביי'ם אַנקומען, אין איינע פון די אָרימע סטריטען פון דאַון־טאַון צו א לאַנדסמאַן, וועלכער האָט געהאַט א ווייב, פיער קינדער מיט צוויי באָרדערס. ער איז אפילו אַלס באָרדער ניט געווען גערעכענט. עס האָט געהייסען: ער קומט איבערנעכטיגען, און אַז אָרט האָט זיך שוין געפונען, אמאָל ביי אימיצען צופוסענס, אמאָל צוקאָפּענס, און אמאָל, איבערהויפּט אין די הייסע טעג — אויפ'ן רוף. אויפ'ן רוף האָט ער שוין, אמת, געהאַט מעהר פּלאַץ, אבער שטאַרק בעקוועם איז אויך דאָרט ניט געווען.

דאָס עסען איז די ערשטע צייט אויך ניט געווען פויגעלדיג. אמת, א שטיקעל פלייש האָט ער געגעסען אַלע טאָג. דאָס ברויט איז אויך געווען ווייסער ווי אין דער היים, אבער די לאַנדס־פרוי איז, לויט זיין מיינונג נאָך, ניט געווען קיין איבעריגע גערעטענע קעכין און דאָס עסען האָט איהם ניט געשמעקט. ער האָט אַלץ געבענקט נאָך די היימישע מאכלים, נאָך א גוט ביי־סעל מילכיגס, נאָך אַן אמת'ען קאַלטען שטשאַוו, וואָס איז טאַקי שטשאַוו לכל חדעות און ניט ווי דאָ, וואָס אויב דו ווילסט איז עס שטשאַוו, און אויב דו ווילסט איז עס גאָר אַן אמעריקאַנער גראָז, וואָס ווערט געמאַכט מיט א מאַשין, א קשיא אויף אמעריקא...

דער שאַפּ, וואו ער האָט געאַרבייט אין די ערשטע צייט

אויך ניט געווען פון די גרויסע, און האָט נישט צופריעדענגע־שטעלט אפילו די קלענסטע סאַניטאַרנע בעדינגונגען. דער שאַפּ איז בעשטאַנען פון איין גרויסען חדר, וואו עס האָבען געאַרבייט ביי א דרייסיג ארבייטער, אלע האַלב־גרינע און גאַנץ גרינע אידען. ס'איז געווען דאָרט ענג און דושנע און דערצו האָט מען דאָרט געאַרבייט זעהר שווער און לאַנגע שטונדען.

די שבירות זיינען די ערשטע צייט אויך געווען קלעגליכע: אנגעפאַנגען האָט ער מיט דריי דאָלאַר א וואָך און שפּעטער אביסעל האָט ער גענומען זעקס און זיבען. דערפון האָט ער געשיקט א היים דער ווייב און קינדער, — א קליינע העלפט האָט ער פערלעבט, און איין דאָלאַר האָט ער „געזאַמעלט" אין א קליין ביינקעל ערגעץ, כדי ער זאָל קענען אויפקלייבען אין פערלויף פון א פּאָר יאָהר, א פּאָר הונדערט דאָלאַר און פאַהרען צוריק אהיים.

ביי אזא מין לעבען האָט יאָסעל קיין גרויסע תאוות צו עולם־הזה'דיגע זאכען ניט געקענט האָבען. ער האָט אפילו געהערט פון די באָרדערס און אויך אין שאַפּ פון די אינגערע יונגעלייט רעדען פון טהעאטער, מואווינג פּיקטשורס און רעסטאָראַנטס. אין דער ערשטער צייט אבער איז ער אבגעקומען נאָר מיט'ן הערען און איז אהין ניט געגאַנגען.

דאָס איינציגע פערגעניגען זיינס איז געווען שבת די שוהל, וואָס האָט געטראָגען דעם נאָמען פון זיין שטעדטעל און וואו ער איז שוין געווען א „מעמבער". די שוהל און אויך די רוסישע באָד, להבדיל, וועלכע ער האָט די ערשטע צייט א פּאָר מאָל בעזוכט און זיך געבאָדען לויט'ן שטעדטעלטישען שטייגער, האָט צופריעדענגעשטעלט אלע זיינע העכערע גייסטיגע תאוות.

שפּעטער אבער, אז ער איז אנגעקומען אין א יוניאָן שאַפּ, וואו ער האָט בעקומען בעדייטענד גרעסערע „וויידזשעס" און קירצערע שטונדען געאַרבייט, — האָט ער, אהן קיין שום זייטיגער אגיטאַציע, פון זיך אליין דערפיהלט, אז אין „אמערי־

קא„ איז טאקי דא א סך גוטע זאכען און דער שטשאוו, אויב מען בעצאהלט נור טהייערער, איז גאר ניט אזוי שלעכט, און אז אין ווילליאמסבורג זיינען די רומס אויך פרייער, און אז א מענש דארף ניט זיין קיין חזיר, און אויסער א שוהל און א מרחץ, להבדיל, מעג מען זיך אמאל ארייננכאפען אין א מואווינג פיק־טשורס און זעהן טאקי אזוינע זאכען, וואס אין שטעדטעל קען מען עס ניט זעהן, מען זאל אפילו לעבען הונדערטער יאהר.

און אויסער דעם, אז מען נעהמט אראב די באָרד, ווערט מען טאקע יונג, און מען כאפט זיך, אז פערציג יאהר א איד איז נאך גאר א יונגער מאן, און נאך שפעטער שערט מען צו די וואנסעס, ווערט מען נאך אינגער. און „לעבען זאל קאלאמ־בוס“, ווי זיין נייער לאנדסמאן, וואו ער וואהנט, זאגט זיך אמאל זיין ווערטעל.

און יאסעל האט אנגעהויבען איינצוזעהן, אז אמעריקא איז א לאנד, וואו מען קען לעבען, ווי גאט האט געבאטען, ווען מען האט נאר דעם דאלאר.

א סך לאנדסלייט און „ברידער“ פון זיין „סאסייעטי“, האָ־בען איהם געריהמט:

— יאסעל האט זיך שוין אביסעל אויסגעגרינט...

אבגעוועזן א פאר יאהר אין לאנד, האט יאסעל אנגעהוי־בען בעקומען בריעף פון זיין ווייב, אז עס איז גאר ניט קיין תכלית, ער דא אין אמעריקא, און זי דארטען. און אין מאנכע שטעלען אין איהרע בריוועלעך, פלעגט זי שטארק אנפינטלען... וואס זי מיינט מיט די פינטעלעך האט ער ניט קלאהר פערשטאַ־נען, אבער ער האט געפיהלט, אז פשוט דאס ווייבעל בענקט נאך איהם.

יאסעל אבער האט אויף אזוינע בריעף ניט געענטפערט צו דער זאך. ער האט איהר געגעבען נאר אנצוהערעניש, אז אין אמעריקא נעהמען, קען ער זי נאך ניט, און ווענען אהיים פאה־

רען איז נאָך אויף פריה צו טראַכטען, ווייל ער וויל אָנקלייבען א טויזענד דאָלאר...

אין דער אמת'ען אבער האָט איהם זיין ווייבעל, פערגלייכענדיג זי מיט די אמעריקאנער ווייבלעך, אנגעהויבען נישט צו געפעללען. עס איז גאָר ניט דער שטעלל, דער אָנטהאָן זיך — א קליין־שטעדטעלדיגע אידענע! כאָטש אין גאַנצען דאַרף זי זיין לויט זיין חשבון א יאָהר עטליכע און דרייסיג. ער האָט אויף טשיקאַוועסט געבעטען, זי זאָל איהם שיקען איהר פאָטאָגראַפיע, וואָס ער האָט אין א חודש ארום בעקומען. אויף דער פאָטאָגראַפיע האָט זי אויסגעזעהן גאָר ניט דאָס, וואָס ער גלוסט איצט...

זיין פיקטשור, וואָס ער האָט איהר געשיקט, איז ניט דער ערך שעהנער, און ער איז דאָך א מאַנסביל, וואָס ער דאַרף ניט זיין שעהן... א מאַנסביל איז דער עיקר גאָר עפּעס אנדערש. דאָס האָט ער געוואוסט, ער האָט געהערט די דאָזיגע מיינונג שוין עטליכע מאָל דאָ אין אמעריקא און אפילו געלעזען אין די פּייפּערס...

---

די לעצטע צייט האָט איהם אנגעהויבען איין זאַך צו פערדריסען: אמעריקא איז א פרייע לאַנד און די מיסעסען זיינען גאָר ניט קיין צדקניות'ן, מען ווייסט אלץ, ניש־קשה. מען רעדט גאָר אָפען — און ער איז אזא שלים־מזל... אָט האָט זיך איינער א לאַנדסמאַן פאַר איהם בעריהמט, אָנווייזענדיג אויף א גאָר ניש־קשה'דיג ווייבעל, וועלכע ער, יאָסעל, וואָלט אויפגעגעסען מיט די אויגען. אז, וואָס איז דאָ פיעל צו רעדען, אז איינס און צוויי...

ביי יאָסל'ן האָט זיך צוקאָכט דאָס בלוט און אין האַרצען האָט זיך איהם אָנגעצונדען עפּעס א מאָדנער פייער...

— יאָ, ברודער, האָט ער זיין לאַנדסמאַן געענטפערט האַלב

תם׳עוואטע און האלב ציניש — מ י ר טרעפען ניט קיין גלי־סען...

— דו ביזט ברודער, א יאלד... אזוינע גליקען איז ניט פאר דיר.

יאסעל האט שטיל אפגעזיפצט, פערביסען די ליפען און גע־שוויגען.

אבער די גאנצע נאכט האט ער געהאט שלעכטע געדאנקען. איז אויף מארגען געשטאנען ביי דער ארבייט ווי א צודולטער, און האט אלץ געקוקט אויף זיין לאנדסמאן, והעלכער האט אויך געארבייט אין איין שאפ מיט איהם און ענדליך בעשלאסען, נאך דער ארבייט, אויסצודערצעהלען איהם זיין הארץ.

און געהענדיג פון דער ארבייט, האט ער נאך א קורצען שווייגען אנגעהויבען צו שטאמלען:

— אזוי, הייסט עס.. טרעפען דיך גליקען...

— אנטקעגען וואס זאגסטו עס, יאסעל?...

— איך מיין אנטקעגען דעם, וואס דו האסט מיר דער־צעהלט נעכטען וועגען דער ווייבעל. א וואויל ווייבעל טאקע... נאר ניש־קשה...

— נו, ברודער, אט די ווייבעל פערגעס... האט דער לאנדס־מאן ממזר׳יש נעבלינצעלט מיט די אויגען...

— כי־כי־כי—עס פערגעסט זיך ניט... א פיינע פרויקע, צו אלדי טייוועל...

— נו, נו, יאסעל, — האב נישט קיין גרויסע אויגען: האסט געלערענט חומש... לא תחמוד, ברודער, א בפירוש׳ר פסוק...

— און דו מענסט... א רוח אין דיין טאטען...

— איך זעה, יאסעל, דו ביזט טאקי שטארק בייז... האט דער לאנדסמאן גענומען די זאך ערנסטער... וועל... איך בין דיינער א לאנדסמאן... איך וועל זעהן...

— וואָס מיינסטו... האָט זיך אין יאָסעל'ען דאָס גאַנצע בלוט אַנגעצונדען...

— כ'מיין, דו ביזט אַ לעבעדיגער מענש... וואָס איז דען, ברודער? אין אַמעריקאַ פאַר'ן דאָלאַר...

יאָסעל האָט אין גאַנצען געציטערט...

---

עס איז געווען 12 אַזייגער אין אָבענד, ווען יאָסעל איז אַראָפּ פון די טרעפּ פון אַ הויז, אין וועלכע דאָס מיטעלסטע פענסטער אויפ'ן דריטען שטאָק איז געווען אַראָבגעלאָזט מיט אַ דיקער פאַרהאַנג.

אַראָבגעהענדיג פון די שטיגען און בלייבענדיג שטעהן אויפ'ן גאַס, האָט ער אויפגעהויבען די אויגען צום פענסטער, ווי אַ מענש, וואָס פאַלט, בעטראַכט דעם אָרט וואו ער איז געפאַלען, און ער האָט זיך מיט שנעלע טריט געלאָזט צו אַ וועלכער עס איז אַ קאַר, ווי ער וואָלט זיך וועלען ראַטעווען פון אַ גרויסע סכנה...

פאַר זיינע אויגען אָבער האָט נאָך אַלץ געשוועבט דאָס שטאַרק געפאַרבטע און געפּודערטע געזיכט פון עפּעס אַ ווילדער פרעמדער פרוי, אין נאָז האָט געשלאָגען מאָדנע ריחות פון פערשיעדענע שאַרפע זאַכען, און אין די אויערען האָט געקלונגען אַ האַלב הייזעריגער געלעכטער.

און באַלד נאָכדעם האָט פאַר זיינע אויגען פאַרגעשוועבט, ווי אויפ'ן לייוואַנד פון מואַווינג פּיקטשורס, זיין אייגען ווייבעל אין דער היים, ביי די זייטען די צוויי קינדער, וועלכע האָבען אויף איהם געקוקט מיט רחמנות און פאַרוואורף צוזאַמען. אין זיינע אויערען האָבען ווי מיט האַמערס געקלאַפּט:

— „טאַטע, יאָסעל!"...

און ער האָט זיך דערמאָהנט אַז דער היים, און איבער־

הויפט אַן זיין פרוי... וואָס פאַר א וואוילע, טהייערע ווייבעל...
ער וואָלט זי איצט אויסגעקושט אלע גליעדער. ווי ריין און ציכ־
טיג זי איז אלע מאָל געווען...

ער האָט זיך דערמאָהנט א געוויסען פרייטאג צו־נאכט. זי
איז טאקע דאמאָלסט געווען אזוי שען.. און איידער וואָס־ווען האָט
ער זי געקושט... און זי האָט געהאלטען די אויגען פערמאכט,
זיך געמאכט כלומרשט שלאָפענדיג און ערשט נאָכדעם, ווי ער
האָט זי גענוג אָנגעקושט, האָט זי זיך ווי צובייזערט:

— דו האָסט מיך מיט דיין באָרד דעם גאנצען פּנים צו־
שטאָכען.

נאַרישקייטען, עס האָט איהר דען געאַרט? נאָר אזוי איז
שוין די מאָדע פון די קליין־שטעדטעלדיגע ווייבלעך... ניש־
קשה, דאָ וועט זי קליגער ווערען...

---

קומענדיג צו זיך אהיים האָט ער שוין געטראָפען אלעמען
שלאָפען.

ער האָט געפונען א בויגעלע פּאַפּיער, אויסגעזוכט דעם
טינט און פעדער, און זיך געזעצט שרייבען א בריעף:

„צו מיין ליעבער און טהייערער פרוי חאַשע, זאָל לעבען,
און צו מיינע ליעבע קינדערלאך!".

און נאָכ'ן גרוס פון זיין גוטען געזונד, האָט ער מיט בע־
גייסטערונג אנגעהויבען פאַרטזעצען:

„און שנית זיי וויסען, מיין ליעבע און געשעצטע פרוי,
אז איך שיק דיר די טעג ארויס א שיפסקאַרטע פאַר דיר מיט
די קינדער און איך וועל דיר שיקען הונדערט דאָלאר אויפ'ן
וועג און דו זאָלסט גלייך זיך גרייטען אין וועג אריין, ווייל עס
איז מיר פער'מיאוס'ט געוואָרען דער לעבען איינער אליין אלץ
מיט פרעמדע מענשען..."

ער האָט זיך אָבגעשטעלט א ווײלע און א טראכט געטהאָן. א וואָרימער שטראָם פון געפיהלען האָט איהם דורכגענומען און ער האָט ווידער גענומען שרייבען:

„ווייטער שרייב איך דיר, אז דו זאָלסט גאָר קיין מורא ניט האָבען... מיר וועלען לעבען ווי גאָט האָט געבאָטען...“

אנגעשריעבען דעם בריעף, האָט ער איהם פאָר זיך דורכגעלעזען און ער האָט זיך דערפיהלט, ווי אמאָל אין דער היים ערב יום־כפור, נאָך דער תפלה זכה...

# די מציאה.

מר. זייטשיק איז א געבוירענער פון ערגעץ א קליין שטעדטעל אין א ליטווישער גובערניע. זיין פאטער, משה דער דאמסקער שניידער, א פרעהליך און פערשייט אידעל, איז געוועזן פון די ערשטע, וואס האבען געהאט די העזה און דעם מוט צו לאזען זיך איבער׳ן ים קיין אמעריקא. מר. זייטשיק געדענקט עס ווי דורך א חלום. די מאמע האט געוויינט, געווארט אויף בריעף און געלד פון טאטען און זעלטען זיך דערווארט. עפעס האבען ווייבער געשמועסט אז זיין טאטע האט גענומען דארטען א דייטשקע. זייטשיק געדענקט, אז איהם האט זיך דעמאלט שטארק געוואלט זעהן דעם טאטענ׳ס דייטשקע. ער האט זיך דאן פארגעשטעלט, אז זי מוז זיין אזא הויכע און א גראבע, ווי דעם פריסטאוו׳ס ווייב, און זי מוז חעם טאטען דארטען געבען קלעפ, און ער האט אויפ׳ן טאטע׳ן רחמנות געהאט...

שפעטער אבער, געדענקט ער, האט זיך ארויסגעוויזען, אז די גאנצע מעשה מיט דער דייטשקע האבען די ווייבער אויסגע־קלערט. דער טאטע האט לאנג ניט געשריבען, ווייל ער האט זיך דארטען א נעהם געטהאן צו דער ארבייט און האט ניט געהאט קיין צייט אפילו צו געהן זוכען א שרייבער אנצושרייבען א בריעף דער מאמע׳ן. ביז ער האט אין א יאהר ארום זיך דער־מאנט, אז מען קאן דארטען מיינען, אז ער איז געשטארבען, און ער האט געשיקט א לאנגען בריעף מיט געלד און שיפסקאר־טען, און ער האט זיי אלע אראבגעבראכט אהער, קיין אמע־ריקא.

וויעדער געדענקט מר. זייטשיק, אז קומענדיג קיין אמע־

ריקא איז ער שוין געווען א דערוואקסען בחור'ל. וויפיעל ער איז אלט געווען, געדענקט ער ניט. זיין געבורטס־טאג האט מען ניט געפייערט ניט אין שטעדטעל און ניט נאכדעם אין אמעריקא. ווערליג די מאמע האט אמאל בע'חשבונ'ט, איז ער געווען ארום פופצעהן יאהר אלט ווען ער איז געקומען. דערפאר איצט, אז ער איז רייך געווארען, היט ער דעם חשבון ריכטיג. און אט לויט יענעם חשבון איז ער אלט געווארען פופציג יאהר.

אין דער זעלבער צייט האט צו איהם אין הויז גענומען אלע טאג קלינגען עפעס אן אונדרייסטע האנד. לויט'ן קלונג האט ער פערשטאנען, אז דאס איז א שלים־מזל. ער האט געהייסען דאס שטוב־מיידעל פרעגען, וואס יענער דארף. יענער אבער פלעגט אזוי צוטומעלט ווערען, אז ער פלעגט זיך גלייך פער־ענטפערען, אז עס איז רעכט, אז ער וועט קומען מארגען... אויף מארגען פלעגט ער ווידער קלינגען, ביז וואנען מר. זייטשיק איז אליין ארויס צו דער טהיר, אנגעקוקט דעם פארשוין, א איד אין די עלטערע יאהרען, מיט בארד און וואנסעס און אין א האר־טען שטארק אבגעטראגענעם הוט.

מר. זייטשיק האט איהם אבגעמאסטען פון קאפ ביז די פיס, זיך געשלאגען מיט דער דעה, אריינלאזען איהם צי ניט, און האט ענדליך בעשלאסען אויף יא.

דער איד איז אריין מיט וואקעלדיגע טריט אין רייכען קאר־רידאר, פון וואנען עס האבען זיך געצויגען רעכטס און לינקס גרויסע, אפענע, ליכטיגע צימערען. מר. זייטשיק האט איהם ענדליך אריינגעפיהרט אין עס־זאל, געהייסען איהם מיט א שטרענגען טאן זיך אנידערזעצען און געפרעגט:

— וואס וועט איהר זאגען גוטס?

— גוטס? — האט דער אורח אנגעהויבען שטאמלען,— עס איז ניט גוטס און ניט שלעכטס... הייסט עס... איך בין אליין פון דער אייגענער שטעדטעל, וואס איהר...

זייטשיק׳ס פּנים האָט זיך בייז אַנגעכמורעט. ער האָט געוואָרפן אַ דורכדרינגענדען בליק אויפ׳ן אורח און געפּאַרשט:

— זיינט איהר שוין לאַנג אין לאַנד?

— שוין ביי צעהן יאָהר — האָט דער אורח געענטפערט.

— איז ווער זייט איהר פון שטעדטעל? איך געדענק שוין קיינעם ניט...

— מיך וועט איהר מוזען געדענקען... מיר האָבען גע־וואוינט טאַקע אין איין סטריט.. איך מיין, אין איין גאַס, ס׳הייסט טאַקע אין דער ווילנער גאַס.

— ווילנער סטריט?! — האָט זיך מר. זייטשיק פער־קלערט. — איך געדענק ניט אַזאַ מין סטריט אין אונזער שטעדטעל.

— וויפיעל סטריטען האָט אינגאַנצען דאָס שטעדטעל גע־האַט: ווילנער סטריט, מינסקער סטריט און שוהל־סטריט. נאָכ־דעם האָט זיך שוין אָנגעהויבען דער בית־עולם.

דערהערט דאָס וואָרט בית־עולם, איז מר. זייטשיק ווי ווייכער געוואָרען. דאָס איינציגע, פאַר וואָס ער האָט נאָך גע־האַט דרך־ארץ, איז געווען דער טויט...

ער האָט אַ שטילען זיפץ געטהאָן, זיך פערטראַכט און זיך אָנגערופען:

— געדענקען אייך געדענק איך ניט... נאָר פונדעסטוועגען, גלויב איך אייך. איהר וועט דאָך ניט אויסטראַכטען פון קאָפּ... איז בכן, וואָס־זשע פערלאַנגט איהר?...

— פערלאַנגען?... וואָס הייסט פערלאַנגען? — האָט דער לאַנדסמאַן גע׳חקרה׳נט. — קיין חלק האָב איך אין אייער עשירות ניט אריינגעלעגט... נאָר „מיינע“, טאַקע פון זעלבען שטעדטעל, לאָזט מיך ניט צורוה: דו ביזט אין אַן עת צרה, גיה אריבער צו מר. זייטשיק... זי געדענקט אייך גאָר גוט... זי זאָגט אפילו, אז איהר האָט זי אַמאָל שטאַרק צוהרג׳עט, ווי דער שטייגער איז — קינדער...

— איז הייסט עס, וואָס־זשע פערלאַנגט איהר? — איז שוין מר. זייטשיק שטרענגער געוואָרען און בעשלאָסען, אז אויב געלד, איז מעהר ווי א פינף דאָלאר וועט ער איהם ניט געבען.

— איך האָב געוואָלט ביי אייך בעטען, אזוי ווי מיר מאַכט זיך קויפען א „סטענד", און דוקא אין א גוטען אָרט, מען קאָן מאַכען א שטיקעל לעבען, זאָלט איהר מיר אויסבאָרגען א...

געוואָלט האָט דער לאַנדסמאַן זאָגען א הונדערטער, נאָר ער האָט אָנגעקוקט דאָס עשירות אין צימער, האָט ער זיך אַרויס־געכאַפּט:

— א צוויי הונדערט דאָלאר...

— נישט מעהר און נישט וועניגער? — האָט מר. זיי־טשיק צונעשמייכעלט...

— נאַ, נישט מעהר... חלילה... — האָט דער לאַנדסמאַן בתמימות געענטפערט, און איז געווען זיכער, אז אַט באַלד שרייבט איהם מר. זייטשיק אַן א טשעק.

— ניין, מיין פריינד — האָט מר. זייטשיק אָבגעהאַקט.— ביי מיר איז ניט קיין באַנק... — און אָנקוקענדיג דעם לאַנדס־מאַן, וועלכער האָט זיך שטאַרק פערלאָרען נאָך דער ענטזאַגונג, האָט מר. זייטשיק צוגעגעבען:

— וואָס מיינט איהר, איך בין א מיליאָנער? איך ווייס, אויסהעלפען אייך דאַרטען אין א פינפערעל, לאָמיר זאָגען אין צעהן דאָלאר... איך בין ניט אזא גרויסער גביר ווי איהר מיינט... דערצו בין איך שוין ניט קיין יונגערמאַן.

— יעס... — האָט דער לאַנדסמאַן חניפה'דיג צוגע־שטימט — איך ווייס... איהר זיינט אין מיינע יאָהרען....

— אין אייערע יאָהרען.. .ווי אזוי? — האָט זיך מר. זיי־טשיק אויפגעהויבען פון אָרט.

— מיין מאַמע פלעגט דערצעהלען, אז אונזער ברית איז געווען אין איין טאָג, זונטאָג...

— ווירקליך? — האָט מר. זייטשיק זיך פעראינטערע־זירט.

— וואָס הייסט, איך וועל אייך דערצעהלען א ליגען? — האט דער אורח אנגענומען א שטאָלצע מינע..

— אויב אזוי, ווי אלט זייט איהר? — האָט מר. זייטשיק אויסגעשטעלט די אויגען אויפ'ן לאנדסמאן.

— מיר איז געוואָרען די וואָך אכט־און־פערציג יאָהר...

— נישט מעהר? — איז מר. זייטשיק אויפגעשפרונגען פון אָרט...

— ווי איהר זעהט מיך א אידען! — האָט דער לאנדס־מאן געשוואָרען און האָט געפיהלט, אז מיט דער דאָזיגער ענט־דעקונג האָט ער זיך פעררייסט די מערכה ביים גביר דעם לאנדס־מאן.

מר. זייטשיק האָט גענומען אומגעהן איבער'ן צימער, גע־מורמעלט עפּעס, און ענדליך איז ער שטעהן געבליבען נעבען לאנדסמאן...

— איך וועל אייך זאָגען... צוויי הונדערט טאקע ניט... אבער א הונדערטער בארג איך אייך..

און גלייך האָט ער ארויסגענומען דעם טשעק־ביכעל און זיך גענומען שרייבען... אין מיטען שרייבען האָט ער זיך אָב־געשטעלט, אנגעקוקט דעם לאנדסמאן און ווידער געפרעגט:

— זיינט איהר זיכער דעריין?

— וואָס הייסט זיכער? — האָט דער לאנדסמאן ניט פערשטאָנען די פראגע. — איהר מיינט וועגען סמענד... לייט זאָגען, אז מען קאָן מאכען א שטיקעל לעבען. חלואי זאָל זיין אייער גמילת חסד מזל'דיג.

— ניין, איך מיין וועגען די יאָהרען... — האָט מר. זיי־טשיק ווי פערשעמט געפאָרשט, — זייט איהר זיכער, אז איהר זיינט אלט בלויז אכט־און־פערציג?

— וואָס הייסט זיכער... וועלכער מענש ווייסט דאָס ניט

זיינע יאָהרען? ביי מיר איז דאָס פערשריבען אויפ'ן מחזור... א היימישער מחזור...

— און אונזער ברית איז טאקע געווען אין איין טאָג?...

— אין'ם זעלבען טאָג.. מיין מאמע פלעגט אלע מאָל דאָס דערמאָנען, דערהויפּט דעמאָלט, ווען מען האָט דערהערט, אז גאָט האָט אייך בעגליקט...

מר. זייטשיק'ס פּנים האָט אינגאנצען אויפגעשטראהלט. ווען ער וואָלט זיך ניט געשעהמט, וואָלט ער דעם דאָזיגען לאנדס־מאן געפאלען אויפ'ן האלז... ער האָט זיך גענומען צו פערענ־דיגען דעם טשעק.

— איז ווי רופט מען אייך?

— מר. יאָקעל האר־חורים...

— האו דו יו ספּעל? — האָט מר. זייטשיק געמיינט, אז ער האָט דאָ צו טהאָן מיט אן אמעריקאנער ביזנעסמאן...

דער לאנדסמאן אָבער האָט געמיינט, אז ער פרעגט איהם: וויפיעל? האָט ער מיט א ברייטקייט געענטפערט:

— צוויי הונדערט...

מר. זייטשיק האָט גוטמוטיג א שמייכעל געטהאָן און אָנגע־שריבען די סומע צוויי הונדערט...

— אָט האָט איהר צוויי הונדערט דאָלאר, נאָר געדענקט, איהר זאָלט מיך ניט אָבנארען...

— זאָל נאָר דער געשעפט גוט געהן, קעהר איך אייך אום ביז א סענט...

— ניין, איך מיין מיט די יאָהרען... זיינט איהר, הייסט עס, מיט מיר אין איינע יאָהרען — אכט־און־פערציג?

— אכט און פערציג, געוויס... די וואָך געוואָרען.

— טאַ געהט־זשע מיר געזונטערהייט און מאכט גוטע געשעפטען, — האָט מר. זייטשיק איהם דערלאַנגט די האַנד.

און בלייבענדיג אליין האָט ער געמורמעלט:

— די בעסטע ביזנעס האָב איך געמאַכט היינט. פאַר צוויי הונדערט דאָלאַר איינגעהאַנדעלט צוויי יאָהר לעבען... אַז אמת'ער „באַרגיין"!

און ער איז געבליבען זיצען פערטראַכט, מיט אַ גליקליכען שמייכעל.

# גאָלד.

געהענדיג אמאָל אין איינע פון די שעהנסטע סטריטען אין דעם שטילען וועסט פון ניו־יאָרק, האָב איך אוים לאַנגווייליע זיך אָבגעשטעלט ביי די שוי־פענסטער פון מאַנכע קלענערע און גרעסערע מאַגאַזינען און בעטראַכט די שפּיעלצייג, קליידער, היט און אַנדערע זאַכען וואָס ציהען דיך שטענדיג צו, ווען דו שפּאַצירסט ערגיץ אין אַ פערוואָרפענעם אבער שעהנעם געגענד.

ענדליך בין איך געבליבען שטעהן ביי אַ שוי־פענסטער פון אַ גאָלד־וואַרג. די שוי־פענסטער איז ניט געווען איבער־ראַשענד רייך. אבער דערפאַר האָט זי צוגעצויגען מיט איהר זאָרגפעלטיגקייט, אָרדנונג און גלאַנץ. די קייטעלעך, קליינע זייגערלעך און רינגעלעך זיינען געווען אויסגעלעגט אַזוי, אַז יעדע זאַך האָט דיין אויג בעמערקט, בעוואונדערט און בעגעהרט. די פערשיעדענע שפּילקעס, מעדאַליאָנען און בראַסלעטען האָבען ווי ליעבליך געוואונקען און געוואָלט דיך פערלאַקען אינוועניג אין געשעפט.

איך געהער דוקא ניט צו יענעם זאָרט מענשען, וואָס זאָל הינגעריסען ווערען פון גאָלדוואַרג. אויסער דעם וואָס איך קען קיינמאָל ניט אונטערשיידען פון אמת'ן ביז פאַלשען גאָלד און ווייס אפילו ניט וואו צו זוכען די „פּראָבע", בעציה איך זיך בכלל צו מענשען וואָס טראָגען גאָלדענע רינגען און קייטען, ווי צו געצענדיענער...

אבער ניט צו פערשטעהן אליין די סיבה, האָט מיך דאָך דאָס מאָל געצויגען אריינצוגעהן אין דעם דאָזיגען מאַגאַזין.

געהיימניספול און מיסטיש!

איך האב זיך דערמאנט, אז א קליין־זיינערל, אויב נים מייער, וואלט איך טאקע געדארפט האבען. און אויב אזוי פאר וואס זאל איך טאקע אט איצט נים אויסניצען די געלעגענהייט.

איך בין אריין.

אין געוועלב איז געשטאנען א קליין אינגעל פון א יאהר פערציעהן־פופצעהן. דערזעהענדיג מיך האט ער אנגעריהרט א קליין־גאלדען־גלעקעל, וואס איז געשטאנען אויפ'ן לאנגען גלעזערנעם שאפע, וואו עס איז הינטער'ן גלאז געווען אויסגעלעגט, און אויסגעשטעלט ווערשידענע גאלדענע חפצים.

פון א זייטיגע טיר האט זיך באלד בעוויזען א יונגערמאן זויבער און עלעגאנט געקליידעט. דאס פנים גלאט געראזירט, די האר אין דער גרעסטער ארדענונג פערקאמט. אויפ'ן קראוואט האט געפינקעלט א גאלדענע שפילקע מיט א דימענטעל אין דער מיט.

איך האב איהם אנגעקוקט, ער מיך און מיר זיינען געווארען ווי פערגליווערט.

דאס איז געווען נים קיין אנדערער ווי מיין אמאליגער פריינד מיטעלמאן, וועלכען איך האב שוין זייט צעהן יאהר נים געזעהען.

— מיטעלמאן! — האב איך אויסגערופען — איהר אין א גאלד־געשעפט! ווי אזוי?...

ער האט געשמייכעלט, אבגעפוצט מיט א קליין בערשטעלע א בראסלעט, וואס איז געלעגען אויף דער גלעזערנער שאפע און געענטפערט.

— צוליעב אן אונגליקליכער ליעבע...

און ער האט זיך צולאכט.

דאס לעהרען אינגעל אין געשעפט האט זיך אבגעטראגען אין צווייטען צימעריל. איך בין געבליבען מיט מיין געוועזענעם פריינד אויג אויף אויג.

— מיטעלמאן — האב איך אנגעהויבען — איך בין זעהר נייגעריג, דערצעהלט אדער דערצעהל...

— „דערצעהלט"... — האט מיטעלמאן ווי בעפוילען און זיין געזיכט האט אנגענומען א טרוקענעם אויסדרוק — איך בין איצט מיט קיינעם ניט אויף דו... אוועק די יאהרען!

איך האב זיך אומגעקוקט און האב זיך דערפיהלט עפעס ווי אונהיימליך אין דעם דאזיגען גאלדענעם ווינקעל.

מיין געוועזענער פריינד האט עס בעמערקט, האט ווידער זיך צולאכט און זיך אנגערופען:

— דאך זייט ניט אזוי צושראקען — קיין גזלן בין איך ניט געווארען. איך בין גאנץ צופריעדען וואס איהר זייט אריין.

— „צוליעב אן אונגליקליכער ליעבע" זאגט איהר — האב איך ווידער איהם געוואלט ארויפברענגען אויף דעם געשפרעך. דערצעהלט מיר... עס איז אזוי אינטערעסאנט.

— מיטעלמאן האט איבערגעווישט א רינג און דערצעהלט:

„איהר געדענקט דאך מיך פון א מאל... א שטילער, צוריק־געהאלטענער, אהן בעזונדערע טאלאנטען... געוואלט האב איך אלץ און געקענט האב איך גארנישט, אויסער אויסארבייטען די עטליכע דאלער א וואך ביי פערשידענע ארבייט, אמאל לייכטער און אמאל שווערער. געצויגען האט מיך אבער שטענדיג זיך אויס־צוצייכענען. מיינט איהר צוליעב וואס — צוליעב כבוד? האט איהר א טעות. אויסען בין איך געווען בלויז די פרויען... איך האב געהאט א גוואלדיגע נייגונג צו פרויען... איהר שמייכעלט: מיר אלע האבען דיזעלבע נייגונג. געווים! איך אבער בין גע־וועזן דערויף ווי קראנק. עס איז מעגליך, אז עס איז דערפאר, וואס איך האב ביי זיין קיין ערפאלג ניט געהאט. זיכער דער־פאר!... אבער ניט פון די אורזאכען וויל איך אייך דערצעהלען, נאר פון פאקטען: פרויען האבען מיך איגנארירט. געדענקט איהר אונזער אלטען קרייז: עס זיינען געווען פערשידענע בחורים: איינער האט געשפיעלט פידעל און געגעבען קאנצערטען.

א צווייטער האָט ליעדער געשריבען, א דריטער האָט געזונגען, א פערטער האָט געמאָלען... און יעדער פון זיי האָט געהאָט פערעהרערינס, יעדער האָט געליעבט און איז געליעבט געוואָרען. אך, ווי מקנא איך בין זיי געווען. איך האָב געפיהלט, אז איך וועל פערברענט. איך האָב גענומען אויסזוכען אין זיך עפּעס א טאַלאַנט. א בעקאַנטער טאַנץ-לעהרער האָט אין מיר ענטדעקט דינע, לאַנגע פיס, „איהר וואָלט געקענט טאַנצען", האָט ער מיך געטרייסט. איך האָב אַנגעהויבען נעהמען לעקציעס. א נעכטיגער טאָג. די מיידלעך אין טאַנץ-האַל האָבען מיך אויסגעלאַכט. איך האָב אָנגעשריבען דעמאָלט מיינעם א פריינד א בריעף און אויסגעגאָסען מיין גאַנצע הארץ... מיין פריינד איז געווען א דיכטער. איז ער געקומען צו מיר און האָט מיר געזאָגט, אז לויט מיין בריעף דאַכט זיך איהם, אז איך האָב א טאַלאַנט צום „שרייבען". „שרייב", האָט ער מיר געראָטען. איך האָב זיך פערשפּאַרט אויף א וואָך צייט אין מיין צימעריל און געשריבען... איך האָב עס אוועקגעשיקט אין א צייטונג... געוואַרט א וואָך... צוויי... דריי... אויף דער פערטער וואָך בעקום איך אן ענטפער אין בריעף-קאַסטען.. דער רעדאַקטאָר זידעלט מיך... אן אידיאָט א רעדאַקטאָר: וואָס זידעלסטו? אז א מענש זיצט פערשפּאַרט אין א צימער א וואָך צייט און פּרופט מזל, וויל זיך ראַטעווען פון אונטערגאַנג, וויל ארויספּלעטערען כאָטש אויף איין טרעפּעל פון לעבען — קומסטו מיט דיין שטעכעדיגער, פערזשאַווער פען און ווילסט נאָך איהם נידריגער און טיעפער אראָבטונקען...

„איז הייסט עס ניט טאַנצען און ניט שרייבען... צו וואָס-זשע טויג איך.

„און דאָ האָב איך זיי אַלע אַזוי ליעב... בערטע, בעלאַ און בעסי. אָבער שעהנער און רייצענדער פון אַלע איז ליזע. און דוקא די ליזע האָט קיינעם ניט... זי איז צו שעהן, צו קלוג און צו רייצענד. זי וויל אַזוי פיעל, אז זי בלייבט ביי גאָרנישט, ביי

קיינעם. זי איז שטאָלץ, לאָזט קיינעם ניט צו צו איהר. מיט מיר איז זי דוקא געווען פריינדליך. איך פלעג זי אמאָל אפילו בעגלייטען צו איהר אהיים. אבער ווי איך האָב געוואָלט מאכען א „שריט" נעהענטער איז זי פון מיר אזוי ווייט. און איינמאָל האָט זי דייטליך געזאָגט: „איהר אויך"?...

„אַך, מיין גאָט! וויפיעל פעראכטונג עס איז געלעגען אין דעם דאָזיגען „איהר אויך"?

„איך בין אוועק פון זיי אלעמען... איך האָב זיך געכאָפּט, אז אום זיי צו קריגען מוז מען עפּעס זיין.

„איך האָב זיך פערטראכט: וואָס קען איך זיין, אום מען זאָל פון מיר ריידען, אום איך זאָל דערוועקען אינטערעס...

„און דאַן האָב איך זיך דערמאָנט, ווי איך בין אמאָל מיט ליזע'ן פערבייגעגאנגען א גאָלד־געשעפט. זי האָט מיר געגעבען א וואונק, איך זאָל זיך אבשטעלען. זי איז צוגעגאנגען צום שויפענסטער און האָט זיך איינגעזאָפּט אין גלאָז פון וואנען עס האָבען ארויסגעקוקט פערשידענע פינקלענדיגע גאָלד־זאכען.

„אוועקגעהענדיג פון שויפענסטער האָט זי מיר גארנישט געזאָגט. איך האָב אבער דערפיהלט, אז גאָלד קען זיי אונטערטע־ניג מאכען...

„האָב איך שווער און בימער גענומען ארבייטען. געארבייט ווי אין פיעבער. געשפּאָרט, געזאַמעלט א פּעני צו א פּעני ביז איך האָב צונויפגעזאמעלט א פּאָר טויזענד דאָלער און איהר זעהט מיין געשעפט"...

נאָר איידער ער האָט געענדיגט די פראגע האָט זיך גע־עפענט די טיר און עס איז אריין א יונג, שעהן מיידעל.

אריין איז זי מיט א ליעבען שמייכעל און ניט אראָבגענו־מען די אויגען פון מיטעלמאנען. מיך האָט זי אפילו ניט בע־מערקט.

נאָך א קורצען איבעררעדען זיך מיט איהר האָט ער איהר א וואונק געטהאַן און זי איז א גליקליכע ארויס.

„איהר האָט זי געזעהן?" האָט ער זיך צו מיר נאָך איהר ארויסגאנג געווענדעט.

„אך, א הערליך מיידעל!"

„זי שטארבט נאָך מיר...", האָט ער זיענעריש געשמייכעלט.

„איהר מוזט איהר אמאָל שענקען א רינגעלע, צי וואָס?" האָב איך געפּרובט טרעפען.

„גאָט זאָל אויסהיטען!", האָט ער זיך אָנגעהאַפּט. „אז זי דארף עפּעס קויפט זי און צאהלט טאקע דעם אמת'ן פּרייז. דאָס האָט אבער ניט דערצו... ליעב האָט זי מיך אליין... און נאָר זי דען? אלע! עס קומט אמאָל א פּאר'ל, ערשט נאָך דער פּערלאָ־בונג... ער קלייבט פאר איהר א מתנה: א בראסלעט, א מעדאַ־ליאָן, א קייטעל. אין דערזעלבער צייט קוקט זי אויף מיר און איך זעה, ווי זי עסט מיך מיט די אויגען. אזוי אינטערעסאנט בין איך פאר זיי געווארען...

„אמאָל פּאַסירט, אז דיזעלבע מיידעל קומט אין א וואָך ארום צו מיר, שוין אליין. פרעג איך זי, וואו איז דער חתן? לאכט זי און ענטפערט, אז ער געפעלט איהר שוין ניט... „ווער דען געפעלט דיר"? שווייגט זי און רויטעלט זיך, און ענטפערט שוואך: „איהר".

„דאָס הייסט: איך, מיטעלמאַן האָב געפאנגען איהר הארץ.

„אבער ווער האָט צו זיי אלעמען געדולד! צו פיעל זיינען זיי דאָ און דאָס געשעפט איז מיר איצט טייערער".

„נו, און ליזע?"... האָב איך שוואך געפרעגט, ניט וועלענ־דיג אָנריהרען אן אלטע וואונד ביי אן אלטען פריינד.

ער האָט א שמייכעל געטהאָן און געענטפערט:

„ליזע קומט צו מיר זעהר אָפט.. זי איז שוין ניט די וואָס אמאָל... פערוועלקט... אך, ווי זיי וועלקען!" האָט מיטעלמאַן, ווי מיט נקמה אויסגערופען.

אבער באלד האָט ער זיך פערכאַפּט:

„דאָך האָב איך מאנכמאָל אויף איהר רחמנות. זי קומט

אזוי אַפּט און קוקט אויף מיר אזוי פערליעבט און יעדעס מאָל בעוואונדערט זי: „אַך, וואָס פאר א שעהנער מאגאזין!"...

„און זי געהט ארוים א טרויעריגע מיט וואקלענדע פיס... דרויסען בלייבט זי נאָך שטעהן לאנג ביים שוי־פענסטער און איהר געזיכט בעקומט דעם זעלבען גלאנץ ווי די אויסגעשטעלטע גאָלד־חפצים...

„דאן ווארף איך מיינע בליקען איבער'ן געוועלב, און וואו מיין בליק פאלט פינקעלט עס מיט גאָלד, לויטער גאָלד... און זי קוקט אריין אין שוי־פענסטער — דורך א גלאָז...

און אָט אזוי האָב איך איבער זיי געזיפצט.

„און ווי געהט עס אייך אין ליעבע?" האָט ער נאָך א קליי־נע פּאַוזע מיך געפרעגט.

„איך האָב א שמייכעל געטהאן און געענטפערט:

„אַ, מיר וואָלט אויך ניט געשאדט צו עפענען א געשעפט פון גאָלד"...

און מיט'ן זעלבינען שמייכעל האָב איך פערלאָזען מיין גע־וועזענעם פריינד און האָב א לאנגע צייט געטראכט פון ליעבע, פרויען און גאָלד...

# דעם ברודער'ס קוילען.

קיינמאָל איז נאָך דייווידסאָנען ניט אָנגעקומען אַזוי גרינג צו בעקומען ארבייט אין אמעריקא ווי דאָס מאָל. אריין אין דעם אָפּיס פון דער גרויסער אמוניציאָנס פעקטאָרי, האָט מען איהם שטרענג, אבער אָהן זייטיגע בעמערקונגען און פראגען אנגענומען. איהם איז אפילו געווען פערשפּאָרט צו דערצעהלען זיין יחוס, אז ער איז א שלאָסער פון פּראָפעסיע. די הויפּט שאלה איז נאָר געווען פון וועלכען לאַנד איז ער א געבוירע־נער. דאן האָט ער געענטפערט, אז ער איז שוין אן אמעריקא־נער „סיטיזען" און געצייגט די פּאַפּירען... עס האָט קענטיג אביסעל געשמערט, וואָס ער שטאמט פון א שטעדטעל אין גא־ליציען, דאָס האָט ער בעמערקט אן דער נאָז פון דעם מענע־דזשער, וועלכער האָט די פּאַפּירען דורכגעקוקט. אבער אויך דערויף האָט מען קיין בעמערקונג ניט געמאכט. דערפאר האָט מען זיך וועגען פרייז ניט געדונגען. דער פרייז איז געווען גאָר א גוטער. ארבייטענדיג אין די בעסטע יוניאָן שעפּער האָט ער נאָך קיינמאָל אזעלכע „וויידזשעס" ניט בעקומען און איז טיעף אין הארצען דאנקבאר געווען, ניט וויסענדיג אליין וועמען, וואָס ענדליך וועט ער מאכען א שעהנערען לעבען. ער האָט זיך שוין גענוג אנגעמוטשעט, דאָ ארבייטענדיג פאר קליינע וויי־דזשעס און דאָ ארומדרעהענדיג זיך גאָר אָהן ארבייט.

די שטאָדט, וואו די ארבייט איז אנגעגאנגען איז געווען ניט בעזונדערס גרויס. אבער זי איז געוואקסען פון וואָך צו וואָך. א דאנק די אמוניציאָנס פעקטאָרים, וואָס האָבען אויסגע־ארבייט אלע טאָג טויזענדער געצייג פאר'ן טויט איז די שטאָדט

אַלץ לעבעדיגער געוואָרען. דייוווידסאָן פּלעגט אין דער פריה, פאָהרענדיג צו דער פעקטאָרי און פאַר נאכט צוריק פאָהרענדיג פון דער ארבייט, קוים קריגען א פּלאַץ אין קאר.

דער דאָזיגער מענשען־געדראַנג אין די קארס האָט איהם דערמאָנט דאָס גרויסע ניו יאָרק און עס האָט איהם אָנגענומען. ווי א שטאָלץ !...

און אָפּט האָט ער געטראַכט, אז אויב די מלחמה וועט לאנג אָנהאַלטען, וועט די דאָזיגע קליינע שטאָדט אריבעריאָגען ניו־יאָרק. אזוי האָט ער אויך געהערט רעדען צווישען די ארביי־טער.

און צוזאַמען מיט דער שטאָדט איז געוואַקסען די פּעק־טאָרי. ארבייטער זיינען געשטאַנען און צוגעבויט אַלץ נייע גע־ביידען אזוי, אז אין פערלויף פון עטליכע מאָנאַטען איז דער גאַנצער שטיק פעלד, וואָס האָט זיך פריהער געפונען א לעדי־גער, פערבויט געוואָרען מיט א קייט פעקטאָרים.

אויבען אין דער הויף, אונטער׳ן דאַך פון די פעקטאָרים איז ברייט און לאַנג געהאָנגען א שילד מיט פּשוט׳ע שוואַרצע ווערטער, וואָס האָבען אויסגערעכענט די אַלערליי מינים גע־וועהר, וואָס די דאָזיגע פעקטאָרים האָבען פון זיך ארויסגעגעבען. דייוווידסאָן האָט דאָס געשריבענע אויפ׳ן שילד ערשט דורכגע־לייענט אין א צייט ארום, ווייל די ערשטע צייט פלעגט ער אָהן קיין שום בעאָבאַכטונגען, גלייך אריינגעהן אין פעקטאָרי. און וואָס געהען איהם אָן די אַלע נעמען ? ער אַליין ארבייט ביי די קוילען פאַר די ביקסען. די קוילען זיינען אַלע ווי איינע. איין מאָס ! אָבער פיעל האָט ער ניט געטראַכט וועגען זיי. מאַנכעס מאָל האָט ער גאָר פערגעסען, אז די דאָזיגע קוילען דיענען פאַר דעם צו לעבערען מענשליכע קעפּ און הערצער, און אוועקלעגען א לעבעדיגען יונגען־מאַן אויף טויט. שפּעטער האָבען ביי איהם די קוילען בעקומען דעם אויסזעהען פון שפּיעלצייג פאַר קליינע קינדער...

ערשט אין א צייט ארום, אז ער האט בעקומען א בריעף פון דער היים, וואו מען איז איהם מודיע, אז זיין אינגערער ברו־דער איז אוועק אין קריעג, האבען ביי איהם די קוילען בעקומען אן אויסזעהען ווי לאַסענדיגע ווערעם און איינמאַל, אז ער האט א קויל גענומען אין האנד איז עס ווי מיט א געלעב־מער פון האנד ארויסגעשפרונגען און זיך צורערט:

— וואס זאגסטו עפעס אַז, דייווידסאַן, צו דיין ברודער?

דייווידסאַן האט א ציטער געטהאַן. ער האט גענומען צוריק די קויל, האט עס בעטראַכט און זיך פעסט איבערציינגט, אז אט די קויל וועט זיכער טרעפען דעם ברודער.

האט ער גענומען די קויל און אומקוקענדיג זיך, צי קיי־נער זעהט ניט, בעהאַלטען זי אין טאש.

און ער האט דערפיהלט, אז ער האט געראטעוועט זיין ברודער פון א זיכערען טויט.

אבער נאכדעם האבען זיך אנגעהויבען ווייזען מאַרנע מינים קוילען. איין קויל האט ער חושד געווען, אז זי וועט ארייננדריני־גען דעם ברודער אין אויג. ער האט עס דערקענט נאַך איהר מאַרנעם בעהאַלטענעם שמייכעל. נו, געווים וועט דייווידסאַן ניט דערלאַזען אזא זאַך...

מיט שרעק האט ער זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען און די דאַזיגע קויל ווידער ארייננעלעגט אין טאש.

איצט איז ער שוין גאר רוהיג: וויעדער געראטעוועט דעם ברודער.

ער האט פרייער אבגעאטעמט און זיך גענומען פעס־טער צו דער ארבייט.

פאר'ן אוועקגעהן האט זיך ווידער געוויזען א קויל וואס האט אויסגעזעהען פונקט צוגעפאסט פאר'ן ברודער'ס רעכטע האנד...

ער איז זיכער, אז די קויל וועט גלייך אריין אין ארעם, אט דאַ־אַ.

נאַטירליך וועט ער עס ניט דערלאָזען. און דייווידסאָן האָט אויף די קויל בעהאַלטען טיעף אין טאַש.

פון דער ארבייט איז ער שוין ניט געפאָהרען גלייך אויף זיין וואוינונג, ווי ער האָט געטהאָן אַלע טאָג. ער האָט אין מיטען וועג, אראָבגעשטיגען ביי א שענק, בגנבה אריין אינוועניג, און געבעטען א גלעזעל בראַנדי.

אויסטרינקענדיג דאָס גלעזעל בראַנדי האָט ער זיך דער־פיהלט מוטיגער, האָט אריינגעלעגט די האנד אין טאַש און זיך געשפּיעלט דאָרטען מיט די דריי קוילען...

אויף מאָרגען אבער האָבען זיך ביי דער ארבייט ווידער גע־נומען ווייזען פערדעכטיגע קוילען... איינע האָט מיט אַזאַ מין בעהאַלטענער דראָהונג געקוקט אויף דייווידסאָנען, אז ער האָט זי גלייך צוגעכאַפּט און אריינגעלעגט טיעף אין טאַש.

דערפיהלט זיך א ווײַלע גרינגער, האָט אבער גלייך א צוויי־טע און נאָכדעם א דריטע און א פערטע דאָס זעלבע אויסזעהען בעקומען.

א מאָדנע זאַך. ער הויבט אָן דערקענען יעדע קויל, וואָס דאַרף אריינפאַלען אין זיין ברודערס קערפּער...

און ער האָט די אַלע קוילען ארויסגעכאַפּט און נאָך יעדעס מאָל געטהאָן א שמייכעל.

שפּעטער אבער האָט ער שוין ניט געקענט אויף זיכער אונטערשידען וועלכע קויל וועט יאָ טרעפען דעם ברודער און וועלכע ניט — און ער האָט געמוזט אויסכאַפּען צו צוויי צו דריי מיט אַמאָל.

דאַן האָט ער נאָך דער ארבייט געטרונקען דאָפּעלע גלע־זער בראַנדי.

און נאָך שפּעטער האָט ער בעמערקט, אז אָט דער גאַנצער אויבערשטער פאַק קוילען איז זעהר א פערדעכטיגער. עפּעס קו־קען די אַלע אויבערשטע קוילען, ווי זיי וואָלטען זיכער געוועזען, אז נאָר זיי וועלען טרעפען אין דעם ברודער.

און דייווידסאָן האָט געשיקט אַראָבגעכאַפּט דעם גאַנצע איבערשטען פאַך.

זיין טאַש איז מיט אמאָל פול געוואָרען.

ער האָט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען און דערזעהענ־דיג דעם פאַרמאַן פון דער אבטיילונג האָט ער גלייך אראָבגע־לאָזט דעם קאָפּ און זיך גענומען ווידער צו די קוילען.

איצט וועט ער שוין מעהר ניט נעהמען. די איבעריגע קוילען געהען איהם שוין ניט אָן... דעם ברודער׳ס קוילען האָט ער אלע צוגענומען.

נאָר וואָס איז דער מעהר מיט דעם צווייטען פאַך?... עפּעס קוקען זיי איהם אָן מיט א מאָדנעם אויסדריק.

אָט בלויז דעם פאַך קוילען וועט ער נאָך אראָבכאַפּען און זיין ברודער וועט ניצול ווערען פון טויט.

אָבער דאָן איז שוין שפּעט געוועזן.

דער פאַרמאַן איז צו איהם צוגעגאַנגען, האָט איהם גע־טאַפּט די טאַשען און ארויסנעהמענדיג פון דאָרט א הויפען קוי־לען האָט ער איהם פערוואונדערט אָנגעקוקט:

— צו וואָס נעהמט איהר עס די קוילען?

און באַלד איז דער פאַרמאַן נאָך שטרענגער געוואָרען:

— צו וואָס ג נ ב ה ׳ ט איהר די קוילען?...

איז שוין דייווידסאָן בייז געוואָרען און זיך אָנגערופען:

— איך בעט אייך, זייט העפליכער... איך גנב׳ע ניט...

— וואָס דען טהוט איהר עס?

— הם... — איז דייווידסאָן צומישט געוואָרען — עס זיינען דאָ געוויסע קוילען, וואָס טויגען ניט...

— אלע טויגען! — האָט דער פאַרמאַן אויסגעשריען.

און בעטראַכטענדיג די קוילען אין האַנד האָט ער צוגע־געבען:

— וואָס הייסט זיי טויגען ניט?... וואָס זייט איהר אַן אינספּעקטאָר?...

— מיר האָט זיך געדאַכט, אז די דאָזיגע קוילען ווען...

— אך, לאָזט צורוה... — איז דער פאַרמאַן ביין געוואָרען און האָט אריינגעשאָטען צוריק די קוילען אין קאסטען.

דאַן האָט דייוווידסאָן זיך אין גאַנצען פערלאָרען, האָט אָנגעקוקט דעם גרויסען קאסטען, וואו עס זיינען געלעגען אויבען דעם ברודער׳ס קוילען און האָט שוין זיי צוריק ניט געקענט בעקומען...

איצט איז זיין ברודער פערלאָרען !

פאַהרענדיג פון דער ארבייט איז ער ווידער אראָפּגעשטיגען ביי׳ן זעלבען שענק. ער האָט געמוזט אויסטרינקען דריי גלעזלעך ברענדי. אנדערס האָט ער זיך ניט געקענט בערוהיגען.

אָבער די דריי גלעזלעך האָבען ניט געהאָלפען. דער געדאַנק, אז ער האָט אין פעקטאָרי איבערגעלאָזט אין קאסטען דעם ברודער׳ס אַלע קוילען האָט איהם ניט געגעבען קיין רוה.

ער איז שטעל ארויסגעלאָפען פון שענק און האָט זיך געלאָזען צום פעקטאָרי...

דאָרטען אָבער האָבען איהם די דעטעקטיווס פערשטעלט דעם וועג און איינער האָט שטרענג געפרעגט :

— וואוהין ?

דאַן האָט דייווידסאָן מיט בלוט פערגאָסענע אויגען אויסגעשריען :

— איך האָב דאָ געלאָזען מיין ברודער׳ס קוילען... לאָזט מיך אריין !... איך מוז ראַטעווען מיין ברודער...

אַ דעטעקטיוו האָט אַ פייף געטהאַן. עס איז אונטערגעלאָפען אַ פּאָליסמאַן.

— נעהמט איהם אין פּאָליס סטיישאַן אָדער אין דול־הויז, ווי איהר פערשטעהט...

דער פּאָליסמאַן האָט דייווידסאָנען גענומען אונטער׳ן האַנד און איהם אוועקגעפיהרט.

אויפ׳ן וועג האָט ער איהם געפרעגט :

— האסט געוואלט די פעקטארי אויפרייסען ?...

— א, ניין ! — האט זיך דייווידסאן ערוואכט— אויפ־רייסען די פעקטארי, ניט. איך האב נאר געוואלט מיין ברודער'ס קוילען ארויסבעקומען. איך האב זיי אליין געמאכט... איהר פערשטעהט ? אליין געמאכט... פאר'ן ברודער...

און דייווידסאן האט זיך צולאכט מיט יענעם געלעכטער, מיט וועלכען עס לאכען אלע די יעניגע, וועמעס הערצער עס פרעסט א שווערע חרטה...

דער פאליסמאן האט זיך פערטראכט :

— וואוהין פיהרט מען איהם ? אין „סטיישאן" צי אין דול־הויז ?

א שווערע פראבלעמע...

# די פערטיידיגונג.

דאס האט פאסירט מיט א יאהר צעהן צוריק. א צוויי וואָכען פאר פסח. געוואוינט האב איך דאמאלט אין א שטאָדט, וואס האט געהאט א אידישע און קריסטליכע בעפעלקערונג.

עס איז געוועזן א מילדער פריהלינגס־טאג. די זון, כאָטש נאך א קיהלע און נאך ניט קיין זיכערע, האט דאך שוין גענוג כח געהאט צו צושמעלצען די שטיקער אייז פון די דעכער און פענסטער און טראָפּענס, לאנגזאמע, רוהיגע, ווי צופרידען פון דער זונס בעריהרונג האבען זיך אראבגעלאָזט מיט א היימליכען קלאנג אויף דער ערד.

אין אזא טאג שמעלצט זיך אויך דאס אייז אין דעם מענשענס הארץ. אין אזא טאג פערליערסטו אלע קליינליכע פערלאנגען און אָרימע בעגעהרען. איין גרויסער פערלאנג, איין וויי־כער בעגעהר פילט דיך איינגאנצען אן. דאס איז דער בעגעהר צונויפגיסען זיך מיט דער גאנצער וועלט, מיט אלע איהרע לעבעדיגע ברואים.

אין אזא טאג ביזטו לויטער ליעבע און גוטסקייט!

און מיט דער דאָזיגער געהויבענער שטימונג בין איך געגאנגען אהן ציעל, פון גאס צו גאס, פון פלאץ צו פלאץ. גאס צו גאס, פון פלאץ צו פלאץ.

מענשען האבען געהאנדעלט און געוואנדעלט. נאר מיר איז דאס מאל זייער גאנצער האנדעל און וואנדעל געפעלען געוואָרען. די זון שפּיעלט אויפ'ן הימעל און זיי שפּיעלען זיך אויף דער ערד. און פאר וואס ניט? זאלען זיך די קינדער שפּיעלען. אייגענטליך זיינען דאך אלע קינדער און אפילו אט

דער איך מיט דער לאנגער שווארצער באָרד. וואָס יאָגט מיט דעם קויש אין דער האַנד איז דאָך אַ קינד — אַ קינד מיט אַ באָרד, אַ וואונדערליך קינד! און אָט דער פּוילישער שליאַכטשיץ מיט די גרויע וואָנצען און מיט די גרויע אויגען, וואָס קוקט כלומרשט שטרענג אויף אַלץ, וואָס ער זעהט פאַר זיך איז דאָך בלויז אַ קינד — אַ קינד מיט וואָנצען, אַ וואונדערליך קינד. מען קען באמת לאַכען פון אָט די דאָזיגע מאָדנע קינדער!

און אָט אַזוי בין איך געגאַנגען און געגאַנגען און ניט גע־וואוסט וואוהין און צו וואָס. דרויסען האָט געשטראַהלט די זון און אינוועניג האָט ביי מיר געשטראַהלט די ליעבע. „דו ביזט דאָך אַ וואוילער מענש!" האָב איך שיעור מיר אַליין ניט גע־זאָגט. איך האָב מיך קוים איינגעהאַלטען. עס איז געווען, אַז מען טראַכט אַזאַ נאַרישקייט, צי וואָס דאָס נאָך הויך צו זאָגען.

ביז איך בין אַזוי פערגאַנגען אין אַ ווייטער גאַס. דאַכט זיך אַ גוי'שע גאַס. אָבער ווער טראַכט אין אַזאַ שעהנעם פריה־לינגס־טאָג פון גוי'אישע און אידישע גאַסען. אין אַלע גאַסען וואוינען דאָך מענשען. און גלייך האָב איך זיך אומגעקוקט און בעמערקט ביי אַ קליין שטיבעל, ביי'ן טירעל פון טויער, שטעהט אַן אָרים קריסטליך אינגעלע פון אַ יאָהר דריי־פיער. ער איז געווען אָנגעטהאָן בלויז אין קורצע הייזקעלעך, פון דעם ברודיג צורי־סענעם העמדעל האָט אַרויסגעקוקט אַ צוקראַצט, דאַר ברוסטעל, אין איין פּלאַץ האָבען זיך צוויי בלוטיגע פּאַסעלעך איבערגע־קרייצט און ס'האָט אויסגעזעהן, ווי אַ בלוטיגער צלם'על... זיין בלייך פּנים'על איז געווען פערשמירט, ס'איז געווען קענטיג, אַז ער האָט ניט לאַנג צוריק געוויינט.

ווי געזאָגט, עס איז געווען צוויי וואָכען פאַר פּסח. אָבער דעמאָלט האָב איך אינגאַנצען פערגעסען, אַז איך בין אַ איד און פּסח עסען מיר מצה. ווער רעדט, אַז מיר ברויכען כלומרשט בלוט אויף מצות, דערפון האָב איך אינגאַנצען פערגעסען. מאַלע וואָס שלעכטע מענשען האָבען אַמאָל געזאָגט. איצטער איז דאָך

פריהלינג. אזוינע נארישקייטען קענען נאר ליים אויסטראכטען אין פינסטערען, קאלטען ווינטער. אין פריהלינג — ווער וועט עס גלויבען און ווער געדענקט גאר די דאזיגע נארישע מעשיות?

און עס האט מיך צום דאזיגען אינגעלע א ציה געטהאן. ווי ארים ער איז — האב איך זיך געטראכט, אין מיין הארצען האט זיך וואס געריהרט. איך בין מיך מודה, איך בין דעמאלט געווארען סענטימענטאל.

איך בין צו איהם צוגעגאנגען און פריינדליך איהם א גלעט געטהאן איבער'ן קעפעל.

— ווי רופט מען דיך, אינגעלע?

ער האט געשוויגען.

— א דערשלאגענער! — האב איך איהם פערענטפערט און זיך גענומען איהם אויפמונטערען.

— צוקערלעך ווילסטו?

ער איז געשטאנען און האט תם'עוואטע מיך אנגעקוקט.

ער האט אריינגעלעגט זיין שמוציגען גראבען פינגערל אין מיילכעל און האט געשוויגען.

זיין שווייגען האט מיך נאך מעהר צונומען. זיין פערשמירט פנים'על און די שטומע בליקען זיינע האבען מיך געפאקט. איך האב ארויסגענומען א מטבעה און האב זי איהם אריינגעלעגט אין זיין הענטעל.

— נא, וועסט קויפען צוקערלעך... יא?

— יא... האט ער שוין געשאקעלט מיט'ן קאפ און זיך גע־נומען בעטראכטען פריהער מיך, דערנאך די מטבעה און ס'האט אויסגעוויזען, אז פוןביידען איז ער געווען צופריעדען.

און א גלעט טהוענדיג איהם א צווייטען מאל, האב איך זיך געלאזט געהן, א דערוואריממטער, א צופריעדענער און א גליקליכער.

נאר באלד האב איך דערהערט הינטער זיך טריט.

געהט מיר נאך דאס אינגעלע?

אבער די שטימע וואָס קומט צוזאַמען מיט די טריט איז אַזאַ בייזע און אַזאַ גריל־עצנדיגע.

— וואָס ווילט איהר פון דעם קינד?

איך האָב מיך דערשראָקען אומגעקוקט און דערזעהן נעבען זיך אַ הויכע מאַגערע גויע מיט גרויע אויגען.

איך האָב זי בערוהיגט:

— אַך, וואָס רעדט איהר... גאָר נישט...אַ שעהנער טאָג, דאָס קינד איז מיר געפעלען געוואָרען, האָב איך איהם געגעבען צו שפּיעלען זיך אַ מטבעה. אין געגענטהייל...

די פרוי ועלכע איז דעם קינד'ס מוטער געוועזען, האָט מיך מיט האַס אָנגעקוקט — ארויסגעריסען די מטבעה פון אינגעלס הענטעל און אַ וואָרף טהוענדיג עס מיר אין פּנים אריין, האָט זי זיך הייזעריג צושריען:

— מיר ווייסען, מיר ווייסען אייער גוטסקייט. געהט אייך און לאָזט אונזערע קינדער צורוה...

און אַ כאַפּ טהוענדיג דאָס קינד פאַר'ן האַנט פון וואָס עס האָט זיך פאַר וועהטאָג צושריען, האָט זי איהם פון מיר אַבגעראַטעוועט...

זי איז מיט איהם אַנטלאָפען אין פינסטערן שטיבעל, וואָס האָט זיך טיעף אין הויף געפונען.

איך האָב מיך דערמאָנט אַז פּסח, אַז דער נאַרישער לע־גענדע און האָב זיך געלאָזט געהן צוריק...

פון הויף האָבען זיך געטראָגען קולות פון קינד, איך האָב געפיהלט ווי דאָס אָרימע קינד בלוטיגט אונטער איהרע הענט.

דאָס האָט זי איהם פערטיידיגט פון שלעכטע מענשען...

געהענדיג אויף מאָרגען צוריק אין דער זעלבער גאַס, האָב איך שוין דאָס קינד ניט געטראָפען. זי האָט איהם שוין גע האַלטען פערשפּאַרט אינ'ם פינסטערען שטיבעל...

## דער אפטייקער.

ווען דער אלטער בינוש איז נאך אין זיין שטעדטעל גע־ווען און ער האט בעקומען א בריעף פון זיין זוהן, אז ער האט שוין געענדיגט זיין שטודירען און איז געווארען אן אפטייקער, האט איהם אנגענומען א געפיהל פון שטאלץ.

ער האט דעם בריעף געבראכט אין בית־מדרש און פארגע־לייענט פאר׳ן שמש, וועלכער האט אויך געהאט א זוהן אין אמעריקא; אבער יענער איז צו דער מדרגה פון אן אפטייקער נישט דערגאנגען, ער איז א פשוט׳ער בעל־מלאכה. דער שמש האט געזיפצט און געזאגט:

— יא, וועמען גאט העלפט! מיינער מוז נעבעך ארבייטען שווער און ביטער.

דער אלטער בינוש האט זיך דערפיהלט נאך שטאלצער, ער האט דעם בריעף אריינגעלעגט אין קעשענע און געהענדיג צו־ריק פון דאווענען, האט ער ביי דעם שטאדטישען אפטייק זיך אבגעשטעלט, אריינגעקוקט אינווענינ דורך די גרויסע פענס־טער און דערזעהן דעם אפטייקער שטעהען ביים בופעט, איבער־גיסענדיג פון איין פלעשעל אין א קלענערע, און פארענט שטעהען מענשען און ווארטען מיט מורא.

ער האט זיך שטארק פעראינטערעסירט, הייסט עס, אז זיין זוהן שטעהט אויך איצט אזוי דארטען און טריעפט פון איין פלאש אין דער צווייטער, אדער וועגט עפעס אויף אונצעס און דראכמעס — א קלייניגקייט זייער וואג — עס איז דאך אלץ אויף א האר!

ער האט דערפיהלט א נויטווענדיגקייט אריינצוגעהן אינ־

גוועניג. כאַטש ער האָט קיין זאַך נישט בעדאַרפט, ער האָט בלויז געוואָלט זעהן, ווי אַזוי זעהט אויס זיין זוהנס אַפּטייק דאָרטען.. ער איז אריין און האָט זיך אַוועקגעשטעלט.

דער אַפּטייקער איז געווען פערנומען מיט פערפערטיגען אַ רעצעפּט און ער האָט ביינוש'ען נישט בעמערקט. ביינוש איז געשטאַנען אַהז אַ היטעל און האָט מיט עהרפורכט געקוקט אויבען אויף דער וואַנד, וואו עס איז געהאַנגען דאָס בילד פון קייסער... ער האָט זיך משער געווען, אַז אויך דאָרטען, אין זיין זוהנס אַפּטייק, הייננט דאָס בילד פון פּרעזידענט און כאָטש דער אַמעריקאַנער פּרעזידענט איז אַ גוטער, פונדעסטוועגען איז ווער עס געהט אריין מוז אראָבנעהמען די היטעל, ניט אַזוי פאַר'ן פּרעזידענט ווי פאַר זיין זוהן דעם אַפּטייקער..

דערווייל האָט ער זיך געשלאָגען מיט דער דעה, וואָס ער זאָל זאָגען דעם אַפּטייקער, ווען ער וועט איהם פרעגען, וואָס ער דאַרף. ער האָט בעשלאָסען, אַז ער וועט קויפען פאַר אַ צעהנעריל קאַנפער, וועט עס צוניץ קומען צו אַ פערקיהלונג. באַלד האָט ער זיך מישב געווען, אַז צו ווינטער איז נאָך ווייט און צו וואָס זאָל ער אויסגעבען אַ צעהנעריל. ער וועט איהם זאָגען, אַז ער איז אריין פרעגען עפּעס וועגען זיין זוהן אין אַמעריקאַ...

אַז דער אַפּטייקער איז פאַרטיג געוואָרען האָט ער בעמערקט ביינוש'ן.

— טשטאָ נאַדאָ ? — האָט ער שטריינג געפרעגט.

ביינוש האָט זיך פערלאָרען. ער האָט ניט געוואוסט ווי אַזוי מען זאָגט אויף רוסיש „קאַנפער" האָט ער שוין געוואָלט קויפען ריצען־אויל, האָט ער אויך ניט געוואוסט ווי אַזוי הייסט עס אין רוסיש, — איז ער געשטאַנען מיט אויסגעגלאָצטע אויגען און געקוקט דאָ אויפ'ן קייסערס בילד און דאָ אויפ'ן אַפּטייקער.

דער אַפּטייקער האָט געדריקט מיט די פּלייצעס, אַ שמייכעל געטהאָן און געהייסען ביינוש'ען געהן.

ביינוש האָט זיך אַ דערשראָקענער און אַ פערשעהמטער

ארויסגערוקט און אז ער איז שוין געווען אויפ'ן גאס, האט ער זיך גע'מוסר'ט:

— געדארפט איהם זאגען, דעם אדון, אז איך האב א זוהן אן אפטייקער... וואלט ער געהאט דרך ארץ.

אבער זייט דעמאלט האט איהם אנגעהויבען ציהען צום אפטייק... דער אפטייקער, נישט קוקענדיג, וואס ער איז געווען אן אמת'ער גוי, איז איהם געווארען זעהר מהייער. ער האט אלעמאל פערבייגעהענדיג דעם אפטייק אריינגעקוקט אינווע־ניג און אז ער פלעגט זעהן אז אין אפטייק זיינען דא מענ־שען, פלעגט ביינוש'עס הארץ וואקסען פאר שמחה. הייסט עס, ער לייזט געלד... און אין אן אפטייק איז וואס מען לייזט איז אלץ כלו ריוח... ער האט פארגעשטעלט, ווי דארט אין אמערי־קא מאכט זיין זוהן אויך גילדערנע געשעפטען און דערצו מוז ער זיין אנגענומען ביי אלעמען. א קלייניגקייט אן אפטייקער! לויט איהם דאכט זיך, האט אן אפטייקער א רעכט צו מאכען אן אקט, אויב עס איז ניט ריין אין גאס. ער האט געוואלט וויסען עס אויף זיכער און האט ווענען דעם איבערגערעדט מיט'ן שמש:

— מיר דאכט, אז דער פריהערדיגער אפטייקער האט אמאל געמאכט אן „אקט“?

— א, יענער איז געווען א צורר היהודים! — האט דער שמש זיך דערמאהנט — ער פלעגט נאר ארומגעהן מיט נאַ־טשאלסטווא, מיט'ן אוריאדניק און מיט'ן פריסטאוו. דער היינטיגער איז א בעסערער...

---

עס זיינען פערגאנגען א פאר יאהר. ביינוש, וועלכער האט געלעבט נאר מיט דעם געדאנק, וואס זיין זוהן איז אן אפטיי־קער, האט ענדליך אנגעהויבען צו בענקען נאכ'ן זוהן און טראכ־טען ווענען אמעריקא: ער וויל אליין זעהר מיט די אויגען,

ווי אזוי זיין זוהן מאכט א רעצעפּט, ווי אזוי מען קומט אריין צו איהם אין אפּטייק און מען מוז אראפּ נעהמען דאָס היטעל...

ער שטעלט זיך פּאַר, אז ער אליין, כאַטש א טאַטע, וואָלט אויך דאָס היטעל אראָפּגענומען. געוויס וואָלט דער זוהן איהם געהייסען אָנטהאָן צוריק דאָס היטעל. ער אבער, ביינוש, וואָלט איהם געענטפערט:

— עס שאַדט נישט... ווי באלד, אז עס איז א זאַקאָן, וויל ער איהם אויך היטען...

און נאָכדעם ווי זיין זוהן האָט איהם פארגעשלאָגען אין א בריעף, אז ער וויל אז ער און די מאמע זאָלען קומען נאָך אמעריקא, און ער וועט זיי שיקען טיקעטס און געלד, האָט ער אָהן קיין שום ישוב הדעת זיך גענומען גרייטען אין וועג.

---

אז ער איז מיט דער „אלטער" אָנגעקומען אין עליס איי־לאנד, האָט ער געוואַרט מיט דער גרעסטער אונגעדולד אויף דעם זוהן. דער אידישער בעאמטער האָט איהם געסטראשעט אז מען קען איהם צוריק שיקען, אבער ער האָט געטרייסט דער ווייב און געזאָגט:

— האָב נישט קיין מורא — מיר האָבען א זוהן אן אפּ־טייקער.

ענדליך איז דער אפּטייקער געקומען. ער איז געפאַלען דעם טאַטען נאָכדעם דער מאַמען אויפ'ן האלז און זיך ענט־שולדיגט:

— איך בין איינער אליין... נים געקענט לאָזען די סטאָר...

— וואָס ? — האָט ביינוש איבערגעפרעגט.

— די סטאָר... איך מיין די קראָם...

— דו ביזט א קרעמער... — האָט זיך ביינוש דערשראָ־קען...

— וואָס דען ? אלץ איז דא א סטאָר — א קראָם...

— ביזטו, הייסט עס, אוים אפטייקער... — האט זיך ביי־נוש נאך מעהר דערשראקען.

— ניין, איך בין אן אפטייקער, ווערליג עס הייסט אין דער היים.

ביינוש איז קוים צו זיך געקומען נאך דעם שרעק וואס ער האט געהאט. ער איז אבער נאך אלץ ניט געווען זיכער, און ער האט נאך אמאל איבערגעפרעגט:

— אבער דו ביזט דאך אן אפטייקער?...

— אן אפטייקער, אן אפטייקער — האט דער זוהן גע־שמייכעלט און א זיפץ געטהאן...

---

דער זוהן האט אוועקגעפיהרט דעם טאטען מיט דער מא־מען צו זיך אהיים אין זיין וואוינונג אין די בראנקס. דעם זוהן'ס ווייב, די „אפטייקערשע", האט זיי אויפגענומען זעהר ווארעם, גערעדט מיט זיי אידיש און ביינוש האט זיך דערמאנט אן דער היימישער אפטייקערשע און איז געווען אונצופרידען...

אז עס איז אריבער א פאר וואכען, האט ביינוש אויסגע־דריקט זיין ווונש צו געהן אנקוקען דעם אפטייק. די שנור האט איהם אבגערעדט.

— איהר וועט נאך זעהן, שווער לעבען... גרינט זיך אוים אביסעל!

אזוי איז אריבער א פאר חדשים און ביינוש האט דעם זוהן'ס אפטייק נאך אלץ נים געזעהן.

ערשט אויפ'ן דריטען חודש האט איהם דער זוהן מיטגע־נומען „דאונטאון".

ביינוש'ס הארץ האט געקלאפט פאר ערוואַרטונג. אט וועט ער עס באלד אריינפאלען אין א שעהנעם אפטייק. די פאליצעס אבגעפארבט און אויף זיי פינקלען פערשיעדענע פלעשער און פארצעלייענע סלאיען. אין די וואנד זיינען איינגעמויערט אל־

מערם מיט שפּינעלנע טיהרען. אויבען הענגט דער פּאָרטרעט פון פּרעזידענט. דער פּראָוויזאָר, א יונגער שעהנער „שייגעץ", שטעהט ביים בופעט און מאכט א רעצעפּט... זיין זוהן גיט אכ־טונג וואָרום איין איבעריגער טראָפּען און דער חולה שטאַרבט!..

דער זוהן אבער האָט איהם אריינגעפיהרט אין א קליינער דראָג־סטאָר. ביינוש האָט אויסגעשטעלט די אויגען און גע־קוקט אויף די ווענט, אויף דעם בופעט און איז געבליבען ווי אן אָפּגענארטער...

— אָט דאָס איז דאָס?... — האָט ער געשטאַמעלט...

— יא, דאָס איז מיין דראָג־סטאָר... — האָט דער זוהן געענטפערט.

— דאָס איז, הייסט עס, דער אפּטייק?... — האָט ביי־נוש איבערגעפרעגט.

— יא, אין דער היים הייסט עס אַפּטייק.

דערווייל איז אריין א בחור אָהן א ראָק, זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן הויכען בענקעל ביי די אייז־קרים סאָדא און בעשטעלט א גלאָז „אייז קרים סטראָבערים סאָדא"...

דער זוהן האָט איהם אריינגעלעגט א שטיק אייז־קרים אין גלאָז, אנגעגאָסען וואסער, געמישט מיט א לעפעלע און איהם דערלאנגט. דער בחור האָט געבעטען א שטרויעלע.

ביינוש האָט די פּראָצעדורע אויפמערקזאם בעטראכט און גיט פערשטאַנען וואָס דאָס איז פאר א מין רפואה...

אז דער בחור האָט אבגעצאָהלט דעם ניקעל און איז ארויס, איז ביינוש געוועזען טשיקאווע צו וויסען וואָס פאר א מין חולאת דער בחור האָט, און וואָס דאָס איז פאר א מין רפואה, וואָס מען טרינקט עס מיט א שטרויעלע אין אַפּטייק גופא...

דער זוהן האָט געשמייכעלט און ערקלערט:

— דאָס איז ניט קיין רפואה... דאָס איז פּשוט אזא קאַל־טער געטראַנק. דאָס טרינקען געזונטע...

— אזוי... — האָט ביינוש אונצופרידען געמורמעלט — הייסט עס, אז פאר געזונטע מענשען האָסטו אויך סחורה...

— יאָ... האָט דער זוהן א מורמעל געטהון.

— נו, און מעדיצינען, רעצעפּטען?... — האָט ביינוש גע־פרעגט...

— דאָס קומט אוים זעלטען... דער עיקר איז דאָ די אייד־קרים, אָט דאָס, וואָס דער בחור האָט געטרונקען — און אנדערע קלייניגקייטען...

און אין א ווײַלע ארום האָט ער זיך געווענדעט צום טאַטען און געזאָגט:

— איך דארף אריינגעהן דאָ אנטקעגען — וועגען ביזנעס, אויף א מינוט, גיב אכטונג, טאַטע... איך קום באלד צוריק.

און בלייבענדיג אליין אין „אפּטייק", האָט ביינוש גע־שמייכעלט אין באָרד אריין און געטראַכט:

— אָט, הייסט עס, בין איך שוין אליין אויך אין אמעריקא אַ אפּטייקער... און גלייך האָט ער א טיעפען זיפץ געטהאָן אויפ'ן היימישען שטייגער: נגנו, רבונו של עולם!... א וועלט!..

# דער יוניע־היטער.

(„ניו־יאָרקער טיפּ“)

איך בין געזעסען אין היימישען רעסטאָראַן. עס איז גע־ווען נאָך פאַר מיטאָג צייט און דערפאַר איז מיר אויסגעקומען צו זיצען ניט מיט גאָר נאָהענטע בעקאַנטע. מיין שכן ביי'ן טי־שעל, מר. וואכמאַן, א מענש אין די פיערציגער, מיט גראָהלי־כע האָר ביי דיביידע שלייפען האָט געוואָלט מיט מיר פערפּיה־רען א שמועס. ער האָט אבער ניט געוואוסט ווי אזוי איהם צו פערבינגדען. ענדליך האָט ער זיך צו מיר געווענדעט:

— האָט איהר ניט א סיגאַרעטיל?

— מיט'ן גרעסטען פערגעניגען, האָב איך זיך אָנגעכאַפּט און ארויסגענומען פון טאַש די סיגאַרעטען־קעסטעלע, אויפגע־מאַכט און איהם פאָרגעלעגט.

ער האָט דאָס קעסטעלע גענומען אין זיין האַנד, צונערוקט זי צו די אויגען, געזוכט עפּיס אויף איהר און נישט געפינענדיג, האָט ער זיך פערקרימט און מיר עס צוריק דערלאַנגט.

— פאַר וואָס־זשע נעהמט איהר נישט קיין סיגאַרעטיל? האָב איך זיך פערוואונדערט.

— א דאַנק, איך רויכער ניט פון דעם סאָרט...

— עס איז ניט קיין שלעכטע סיגאַרעטליך — האָב איך ווי בעלעדיגט זיך אָנגערופען.

— מעגליך... האָט מר. וואכמאַן, מיט א איראָניע געצויגען דאָס וואָרט — ווי פאַר וועמען... איך רויכער נישט אזעלכע געמיינע סיגאַרעטלעך.

— געמיינע? — האָב איך אויסגעשריען — וואָס רעדט איהר, פונפצעהן סענט א צעהנדליג...

— אבער ווייזט מיר דעם „לעיבעל“ — האט ער ווי מיט נצחון אויסגערופען.

— אך, דעם לעיבעל... האב איך ווי פערשעהמט געגומען שטאמלען... יא, ווירקליך, איך האב זיך גאר נישט געכאפט...

— אט דאס איז די מעשה, וואס מען כאפט זיך ניט און דערוויילע ווערען די ארבייטער עקספּלאאטירט און קענען זיך אויף די פים ניט שטעלען...

ער האט א פרומען זיפץ געטהאן, געקוקט מיט זשערנע בליקען אויפ׳ן קעסטעלע מיט די סיגארעטליך און האט ענד־ליך צוגערופען דעם קעלנער.

— וועיטער! — האט ער שטרענג געזאגט — דערלאנגט דעם מיסטער א פעקעל יוניאן סיגארעטען.

דער ווייטער האט ערפילט דעם בעפעהל, איך האב צוגע־נומען, בעטראכט דאס קעסטעלע און האב דערזעהן א לעיבעל. מר. וואכמאן האט מיך בעאבאכטעט און פון מיר הנאה געהאט. ער האט באלד געזאגט:

— אט דאס איז א יוניאן סיגארעטעל, פערזוכט, ער איז ניט שטארק שלעכט...

איך האב פערזוכט. ווירקליך נישט שטארק שלעכט... מען קען רויכערען.

מר. וואכמאן האט גערויכערט און געמורמעלט:

מיינט איהר, אז דער סיגארעט שטעלט מיר שוין אין גאנ־צען צופריעדען? ווער ווייס ווער עס מאכט די באקסלעך... זי־כער ניט קיין יוניאן ארבייטער, היינט ווער שניידט דעם טא־באק, ווער קלעפּט?... ווער ווייס? ווער קען וויסען?...

און אפזיפצענדיג ווי א פרומער איד, וואס קלאגט זיך אויפ׳ן זינדיגען דור, האט ער אויסגעלאזט:

— עס איז א פנים דא א סטריקטלי יוניאן סיגארעט?... נאר אז עס איז דא א „לעיבעל“ איז שוין מעהר אדער וועניגער כשר, פלאגט ניט אזוי דער געוויסען.

איך האָב איהם אויסגעהערט און האָב זיך געכאַפּט, אַז איך האָב צו טהאָן מיט א געוויסען טיפּ יוניאָן־היטער. אין דער ראַזינגער צייט פון ציניזם און חוזק־מאַכעריי, איז ער מיר גע־פעלען געוואָרען. הייסט עס, אַז אין סדום איז נאָך דאָ איין צדיק, האָב איך זיך געטרייסט און האָב בעשלאָסען אויסצו־פאָרשען איהם גענויער.

— הייסט עס, אַז איהר געברויכט נאָר יוניאָן ארבייט— האָב איך אָנגעהויבען מיין פאָרשונג.

— דאָס איז ביי אייך א חדוש? — האָט ער אויף מיר אויסגעשטעלט צוויי אויגען, אַז איך האָב מיך באמת דערשראָ־קען און האָב זיך פערכאַפּט צוריק:

— ניין, איך מיין נאָר, אַז עס איז שווער...

— מאַלע, וואָס עס איז שווער — האָט ער אויסגעזויפצט— אונזערע זיידעס איז נאָך שווערער געווען אָבצוהיטען אידיש־קייט, פונדעסטוועגען האָבען זיי זיך ווען אָבגעשטעלט פאַר שוועריגקייט? גיט, זייט מוחל, נאָך א סיגאַרעטעל, אבער פון די יוניאָן סיגאַרעטלעך, נישקשה זיי זיינען נישט שטאַרק שלעכט, מען קען זיי רויכערען...

— אדרבא, זיי זיינען גאָר פיין! — האָב איך ארויסגע־כאַפּט דאָס קעסטעלע און איהם דערלאַנגט.

ער האָט פערדרויכערט און פרום געלאָזט דעם רויך מיר אין פּנים אריין.

— איהר וועט זיך צו זיי צוגעוועהנען וועלען זיי אייך שמעקען בעסער ווי אייערע, די סקעב סיגאַרעטס — האָט ער מיך, כדי די צייט זאָל ניט אוועקגעהן אין רויך, דערווייילע בעלעהרט.

איך האָב אויך פערדרויכערט און האָב איהם פערזיכערט, אַז זיי שמעקען מיר שוין בעסער, ווי מיינע, די פריהערדיגע.

ער האָט אין גאַנצען געשטראַהלט פאַר גליק, און ער האָט זיך צו׳דרשנ׳ט:

— עס איז ווירקליך א פערברעכען צו רויכערען אדער בכלל צו נוצען זאכען, וואס ווערען אויסגעארבייט ניט פון א יוניאן.

— עס איז אבער שווער צו וויסען... האב איך נעפּרובט ווידער אבווענדען זיין שטרענגקייט.

— געוויס. — איז ער שוין ווייכער געווארען — מיר אליין איז אמאל שווער... אט האב איך מיט א פּאר יאהר צוריק שיער ניט געראזירט זיך אין א בארבער־שאפּ אהן א „לעיבעל"... איך בין געווען עפּעס יענעם טאג צופיעל ביזי, בין איך ארייג־געלאפען אין דער ערשטער בארבער שאפּ, וואס עס האט זיך געטראפען. א שייוו האב איך געמוזט נויטיג האבען, איך האב מיך געמוזט זעהן מיט מענשען, איך געה אריין, איך זעה דער אר־בייטער איז אנגעטהאן, ריין, ער זעצט מיך העפליך אוועק, וואשט אוים דאס גלאז מיט הייסע וואסער... שארפט אן דעם „רייזער" איין מאל און צוויי מאל און דריי מאל, ער נעהמט מיך ראזירען — עס איז א מחיה, דער רייזער געהט ווי אויף פּו־טער... עפּעס איז מיר די זאך קשה געווארען... עס איז צו גוט... און פּלוצים פאלט מיר אריין אין קאפּ: וואכמאן, וואוהין ביזטו ארייננעפאלען. איך הויב אן קעהרען דעם קאפּ צום פענסטער זו־כען א לעיבעל און דא בעט זיך דער בארבער העפליך: מיסטער, זיצט רוהיג, איך וועל אייך איינשניידען... קען איך אבער ניט איינזיצען רוהיג, איידער איך וויים צי איז דאס א יוניאן באר־בער־שאפּ. איך דרעה זיך אהער, אהין, איך זעה ניט אין ער־גענץ א זכר פון א לעיבעל. איך זעה, אז עס איז שלעכט, ער האט שוין מיך באלד אבגעראזירט איין האלבען פּנים און איך וויים נאך ניט וואו איך בין אין דער וועלט, שטעל איך מיך אויף, כאטש איך האב געקענט צושניטען ווערען, אבער איך קוק נישט דארויף, די יוניאן איז מיר טהייערער ווי מיין פּנים, איך שטעל מיך אויף און גיב א פרעג:

— איך בעט אייך, איז דאס א יוניאן בארבער־שאפּ צי ניט?

מיין באַרבער האָט אָבגענומען דער לשון. ער הויבט אָן דרעהען אַהער, אַהין, קורץ, עס איז ניט קיין יוניאָן שאָפּ. ער טענה'ט, אַז מען שיקט איהם שלעכטע אַרבייטער... איהר הערט אַ תירוץ? וואָס זאָל טהאָן דער שלעכטער אַרבייטער, זאָל ער שטאַרבען פאַר הונגער.. קורץ, איך האָב ניט געלאָזען פאַר קיין פאַל דאָס אַנדער האַלבע פּנים צו דערענדיגען, האָב בעצאָהלט פאַר אַ האַלבען שייוו און בין אַרויסגעלאָפען פון שאָפּ.

— נו, איהר האָט זיך גאָר ניט געשעהמט צו געהן אין גאַס מיט אַ האַלבען ניט געשייווטען פּנים...

— געשעהמט? — האָט ער פּראָטעסטירט — וואָס הייסט שעהמען זיך! אַ חרפּה וואָלט געווען ווען איך שייוו מיך אין גאַנצען דאָרטען אָפּ. אין אַ סקעב באַרבער שאָפּ. דאָס וואָלט געווען אַ חרפּה. אַבער אַזוי האָב איך, פערקעהרט, זיך בעריהמט דערמיט און אַלעמען דערצעהלט. זאָל מען וויסען, ווי אַזוי אָב־אוהיטען דעם לעיבעל.

— און מיט וואָס בעשעפטיגט איהר זיך אַליין? — בין איך ענדליך נייגעריג געוואָרען צו וויסען.

— איך אַליין — האָט ער אָנגעהויבען צו שטאַמלען — איך אַליין בין דערווייל אָהן אַ דזשאָב...

— וואָס האָט איהר אַמאָל געטהאָן?

— אַמאָל, אַמאָל בין איך געווען אַן אָרגאַנייזער... נו, פערשטעהט איהר מיך, בין איך צו סטריקטלי געווען... אַביסעל אי־בערגעטריבען... איך קען ניט אַנדערש! אַזאַ כאַראַקטער... איך בין דאָ פון די ערשטע סאָציאַליסטען. ביי מיר דאַרף צוגעהן נישט נאָר יוניאָניסטיש, נאָר טאַקי אויך סאָציאַליסטיש... איז האָב איך דערווייל ניט קיין דזשאָב...

ער האָט אַ זיפץ געטהאָן און נאָך אַ קליינעם שווייגען, זיך ווידער געווענדט:

— גיט מיר נאָך א סיגאַרעטעל, אבער פון די יוניאָן סי־גאַרעטלעך... זיי זיינען גאָר ניט אזוי שלעכט, ווי מען מיינט... פערקעהרט...

ער האָט פעררויכערט דאָס יוניאָן סיגאַרעטעל און זיך גע־קוויקט מיט'ן רויך...

# די גרעניצען.

(רייזע בילד)

די כמארע האט זיך געדריקט אליץ נעהענטער און נעהענטער... כאטש די טעג זיינען געוועזן זעהר לויטער און שעהן, ווי אין ענדע יולי. אבער זי האט זיך געפיהלט ניט אויפ'ן הימעל, נאר אין די אויגען פון די מענשען אויף דער גאס, אין הויז, אין קאפע: מיין דייטשע ווירטהין, אלע מאל פריינדליך צו מיר, ווי צו א אידען פון א פערפאלגט לאנד, האט זיך ענדליך נער כאפט, אז איך בין א רוס... און אלע ווייל'ע האט זי מיך געשטא־כען מיט א ווערטעלע, מיר פארגעווארפען מיין „פאטער" העם צאר. די טאכטער איז שוין געווען אפענער און האט געזאגט, אז דאס צימער ברויך זי פאר איהר... איך זאל ארויסציהען.

ארויסציהען איז ניט געווען וואו, גאנץ בערלין האט אויס־געזעהן ווי א קינפטיגע שטייג פאר מיר. מען מוז זיך ראטעווען, איידער די טהיר פון דער שטייג איז נאך ניט פערהאקט געווא־רען.

איך האב געפרעגט עצות: וואוהין? פראנקרייך איז א פריי לאנד, אבער קלוגע האבען פאראויסגעזעהן, אז זי וועט קוקען קרום אויף איינעם, וואס קומט איצט פון דייטשלאנד; שווייץ איז צופיעל שכנה מיט דייטשלאנד, צו שוואך זי זאל קענען איהר שטערטעל אליין ביישטעהן. דענעמארק איז צו נאהענט — אט איז קיעל און אט איז קאפענהאגען — מיט'ן האנט צו דערלאנגען: אין אנטווערפען — בעלגיען! א פריי, אומ־אבהענגיג לאנד! יא, איך פאהר קיין אנטווערפען.

דער דאזיגער פריהמארגען איז געווען דער לעצטער פריה־מארגען, וואס די שטייג איז נאך ניט פערמאכט געווארען.

דער קאַסיר האָט מיר ווי אַ צוטומעלטער דערלאַנגט אַ רייזע־קאַרטע. אויפ׳ן באַן־האָף זיינען די בעאַמטע בייזע און אומרו־היגע ארומגעלאָפען הין און צוריק און הויך געשריען, די גע־פּעק־טרעגער האָבען געפיהרט אין איילעניש אויף זייערע ווע־געלעך שווערע קאַסטענס און האָבען הויך זיך געזידעלט, אויף אַלע פּאַסאַזשירען האָבען זיי געקוקט ווי אויף שונאים, וואָס זיינען געקומען טהאָן שלעכטס זייער לאַנד און זיי האָבען גע־וואָלט גיכער פּטור ווערען פון זיי.

ענדליך שטעהט שוין דער צוג גרייט צו לאָזען זיך אין וועג. מען זאָגט, אַז דאָס איז דער לעצטער צוג וואָס וועט פיהרען פּאַסאַזשירען. די מלחמה איז נאָך אָפיציעל ניט ערקלערט, אָבער בשתיקה איז זי שוין אַ וואָך צייט. די גרויסע משוגעת דאַרף ערשט אָנקומען. דערווייל איז ערב משוגעת און דאָס פאָלק גרייט זיך משוגע צו ווערען. — עס דאַרף נאָר געמאָלדען ווערען פון געוויסע הויכגעשטעלטע פּערזאָנען...

דער צוג ריהרט זיך. אין וואַגאָן זיינען לויטער דייטשען. זיי זיינען אַלע אונרוהיג. מיין פרעמדקייט בעמערקט מען ניט, מיין אַנצוג איז ניט לאַנג געקויפט געוואָרען אין בערלין, אין האַנט האַלט איך אַ „טאַגעבלאַט“ און לייען, מיין שכן פער־פיהרט מיט מיר אַ געשפּרעך. איך בין פאַרזיכטיג מיט יעדער וואָרט וואָס איך ענטפער איהם. ער שימפּפט מיין פאַטערלאַנד— זאָל ער! ער שימפּפט די פראַנצויזען — איך שווייג און שמיי־כעל מיט אַ מאָדנעם שמייכעל. איך פיהל אַז מיין שכן איז דאָס מאָל ניט אויפריכטיג. ער האָט קיין שום אורזאַכע פיינט צו האָ־בען ניט די רוסען און ניט די פראַנצויזען, ער איז דאַכט זיך אַ קויפמאַן און האָט מיט ביידע פעלקער גוטע געשעפטען גע־מאַכט... איך האָב מורא, אַז ער איז ש ו י ן געריהרט.

צוועלף אַ זייגער. דער צוג שטעלט זיך אָב ביי העסען. אין מיין וואַגאָן זיינען געבליבען אַזוי ווייניג מענשען. איך און צוויי יונגע אַרבייטער און אַ פּאָר פרויען. מיר קוקען אַרויס אין פענס־

טער און פון דער ווייטען זעהען מיר די שטאדט, א שעהנע, א בענגולדעטע מיט שטראהלען פון דער ווארימער יולי זון. אויפ'ן מארק־פלאץ שטעהען גאנצע מחנות. איך רוק ארויס דעם קאפ פון וואגאן־פענסטער און קויף ביי א צייטונגס־אינגעל א צייטונג. דאס אינגעל דערלאנגט זי מיר דערשראקען. ער נעהמט פאר איהר א דאפעלען פרייז, אבער דאס גליק געהט איהם ניט איין. שוין — דער קריעג איז ערקלערט!

איצט האט מען רעכט זיך צו פערהאלטען. איך פערלאז מיך אויף גאט'ס בעראט. זאלען זיי טהאן מיט מיר וואס זיי ווילען.

אבער דער צוג געהט ווייטער. מען זאגט אז דאס איז דער לעצטער צוג! איך ציטער, אז א ראד זאל זיך חלילה ניט צוברעכען, דער לאקאמאטיוו זאל ניט קאליע ווערען, און אי־בערהויפט דער מאשיניסט, וואס פיהרט דעם צוג זאל ניט לא־זען האק און פאק און אוועקגעהן אין קריעג און מיך ניט אי־בערלאזען אליין אין פעלד.

דער צוג שטעלט זיך ערגעץ אב ביי א סטאנציע. ארום אין פעלד און וואלד, ווי רוהיג איז אלץ און דאך איז דאס אונגליק שוין געקומען, אראבגעפאלען. נאר דאס פעלד און וואלד ווייסען נאך אפנים ניט. די זון מוז נאך אויך ניט ווויסען, זי קוקט אראב אזוי רוהיג... מעגליך, אז דער צוג זאל שוין ווייטער ניט געהן... די קאנדוקטארען פליהען ארום ביים צוג און רעדען עפעס מאד־נע, אונפערשטענדליכע ווערטער. אזוינע יונגע און געזונטע. זיי מוזען היינט שוין אלע גע'הרג'טע ערגעץ ליעגען...

אבער דער צוג לאזט זיך ווייטער אין וועג. מעגליך, אז ער וועט זיך דערשלעפען ווי עס איז צום בעלגישען גרעניץ. איך פרעג אונזיכער ביים קאנדוקטאר: נאך ווייט? ער ענט־פערט, אז נאך פיער סטאנציעס, ער ווייס אבער ניט זיכער צי דער צוג וועט זיך ניט דארפען צוריק אומקעהרען. מעןווארט אויף בעפעהל!

דערווייל אבער לויפט דער צוג דורך פעלדער און וועל־

דער, אַז איז שוין נאָך אַ סטאַנציע און נאָך איינע. דער צוג שטעלט זיך אָב און בלייבט שטעהן לענגער ווי געוועהנליך. עס דאכט זיך, אַז דער צוג אַליין איז דערשראָקען. איך אָבער בין שוין רוהיגער. עס איז געבליבען בלויז איין סטאַנציע... אָבער צו לאַנג שטעהט שוין דער צוג!

— אויסשטייגען! — הער איך ווי דער קאָנדוקטאָר שרייט אויס. דער צוג קעהרט זיך אום צוריק.

עס שטייגען אויס די איינציגע פּאַסאַזשירען פון יעדען וואַגאָן. איך מיט די צוויי אַרבייטער אויך. פרעגען האָב איך מורא. איך זוך נאָר מיט די אויגען: וואו ליעגט דער וועג צום לאַנד פון פריעדען — צו בעלגיען, וועלכע דאַרף מיך בעשיצען פון דער גרויסער משוגעת, וואָס געהט אַרומכאַפּען די וועלט...

ענדליך ווענד איך זיך צו די צוויי אַרבייטער, וועלכע זעהען אויס ווי ניט קיין דייטשען. זיי זיינען אויך פערצווייפעלט, דאָס פערשטעה איך, ניט לויט זייער שפּראַך, נאָר לויט זייערע בליקען.

אָבער איינער פון זיי זאָגט מיר אויף אַ צובראָכענעם דייטש: מיר וועלען געהן צום גרענעץ צו־פוס...

איך לאָז זיך געהן נאָך די צוויי רוהיגע, פריעדליכע מענשען און עס דאכט זיך, אַז מיר דריי זיינען איבערגעבליבענע פון דער גאַנצער מענשהייט און מיר זוכען אַ ניי־לאַנד מיט נייע מענשען... אין די הענט טראָג איך צוויי פּעק. זיי זיינען מיר אַזוי שווער, אָבער אוועקוואַרפען האָב איך ניט קיין האַרץ... טאָמער וועט נאָך געלינגען צו קומען אַ לעבעדיגער צום גרענעץ און פון דאָרט אין לאַנד פון פריעדען. ניין, איך וועל מיינע פּעק ניט אוועקוואַרפען.

ענדליך איז דער וועג ביים סוף. איך קוק מיך אום און זעה, אַז באַלד זיינען שוין הייזלעך.

מיר געהען דורך די טאָמאַזשנע־הייזעל. לייכט קוקט מען

דורך מיינע געפּעק. גוטע מענשען! איך בין זיי אַזוי דאַנקבאַר, וואָס זיי לאָזען מיך דורך.

און אַט געפין איך זיך שוין אויף דער אַנדערער זייט פון שטיבעל. ניט ווייט שטעהט אַ גרויסע געביידע: ס'איז אַ האָ־טעל. איך ווייס ניט צי געהערט ער צו דייטשלאַנד צי צו בעל־גיען. און דאָרטען שטעהען אַזוינע שעהנע הייזלעך — צי וועל־כען לאַנד געהערען זיי? אַט שטעהט אַן אַלטער, גוטער פויער. איך וועל איהם פרעגען ווי אַזוי זיך דאָ צו קעהרען ביז עס וועט קומען דער צוג וואָס וועט מיך נעהמען קיין אַנטווערפּען.

דער אַלטער ערקלערט מיר אין אַ מאָדנער שפּראַך, וואָס קלינגט ווי דייטש און אידיש און עס איז גאָר האָלענדיש. הייסט עס אַז דער האָלענדישער גרענעץ איז אויך דאָ. איך געפין מיך דאָ ביי דריי גרענעצען: דייטשער, בעלגישער און האָלענדישער. דער פויער ערקלערט מיר ווי אַזוי איך קאָן אריין אין אַט דעם שטיבעל און טרינקען עפּעס. איך לאָז מיך אריין.

ארויסגעהענדיג פון הייזעל, פערליער איך די סמנים פון די גרעניצען. עס דאַכט מיר, אַז אַלע זיינען איינס... אַט שפּרינגט אריבער אַ פויגעל פון בוים צו בוים און דאָס קומט אויס אַז ער שפּרינגט אום פון האָלאַנד קיין בעלגיען און פון בעלגיען קיין דייטשלאַנד... ווייס ער גאָר ניט, אַז אין דייטשלאַנד איז איצט מלחמה... אַט שפּרינגט ער איבער צוריק, ער איז שוין אין בעל־גיען...

איך בעטראַכט די אַלע דריי גרעניצען — איין שטיק פעלד, קיין שום אונטערשייד פון דער ערד, איין הימעל שפּרייט זיך אויף זיי, און דאָך מוז איך איצט אַזוי פאַרזיכטיג זיין. איך טאָר ניט מאַכען קיין שריט, וואָס פיהרט צום גרענעץ פון דייטש־לאַנד: דאָרט איז שרעק, געפאַהר און משוגעת!...

אָבער איך האָב שוין פערגעסען, ווי אַזוי דער אַלטער פויער האָט מיר ערקלערט: וואו־זשע בין איך? שטעה איך אין בעלגיען, האָלאַנד אָדער דייטשלאַנד?

דער אבענד איז צוגעפאלען... דונקעלע שאטענס האבען בערעקט די גרענעצען. איך בין צווישען זיי געשטאנען און אונ־גערולדיג געוואַרט אויף א צוג, וואס זאל מיך אוועקפיהרען, ווייל דא האב איך פערלוירען דעם וועג. איך קען בשום אופן ניט אונטערשיידען פון איין גרענעץ ביז'ן צווייטען און באלד פאלט צו די נאכט... מיין גאט, וואס וועט דא פארקומען ביי די גרע־ניצען ?....

אויגוסט 1. 1914.

# דער ערשטער שאָס.

(רייזע־בילד)

עס איז געווען אכט אזייגער פארנאכט. דער צוג פון בעל־גישען גרעניץ האָט שוין געדארפט אָנקומען און נעהמען די פּאַסאזשירען נאָך אנטווערפּען. אבער פון א צוג איז קיין זכר ניט געווען. ארום און ארום האָט געהערשט א שטילע ערוואַרטונג. די פּאַסאַזשירען זיינען אומגעגאנגען הין און צוריק איבער דער ברייטער פּלאַטפאָרם און געקוקט צו דער זייט פון וואנען דער צוג דאַרף אין א געוועהנליכער צייט אָנקומען. כאָטש געפיהלט האָבען זיי, אז פון דעם מאָל אָן איז די אָרדנונג פון דער וועלט צושטערט געוואָרען. עס קומט אָן דער כאאָס, די אונבעשטימט־קייט און צורודערטקייט.

עס איז אוועק א שעה, און א צווייטע, דער צוג איז ניטאָ. מאנכע פּאַסאַזשירען האָבען שוין אויפגעהערט צו גלויבען, אז ער וועט ווען קומען. אנדערע האָבען אפילו ניט געגלויבט, אז אזאַ בעקוועמליכע זאַך ווי אַ צוג האָט גאָר ווען עס איז עק־זיסטירט. א טייל ווידער, די מעהר אָפּטימיסטישע נאַטורען, האָבען זיך איינע די אנדערע געטרייסט, אז פריהער־שפּעטער— דער צוג וועט קומען!

— דערווייל איז נאָך דער קריעג ניט אָנגעהויבען, — האָט איינער פון די אָפּטימיסטען צוגעגעבען מוט.

און דאָס מאָל האָבען געזיעגט די אָפּטימיסטען. דער צוג איז שפּעט אין דער נאַכט, געהילט אין א געדיכטער פינסטערניש, ענדליך אָנגעקומען.

ער איז געווען מיער, דערשראָקען און האָט שטילער ווי

שטענדיג געאטהעמט. עס האט זיך געראכט, אז דאס מאל קומט ער צו אין געהיים.

די פאסאזשירען האבען ניט דרייסט גענומען איינשטייגען אין די שוואך־בעלויכטענע וואגאנען און האבען מיט שרעק זיך אומגעקוקט, ניט טרויענדיג איינער דעם צווייטען. מען האט מורא געהאט זיך אנצורופען מיט א ווארט, מען האט מיט דער גרעסטער אונגעדולד געווארט, אז דער צוג זאל זיך נעהמען ריהרען.

אבער די ארדנונג איז שוין מעהר ניט געווען. דער צוג איז געשטאנען און קענטיג געווארט אויף שווערע און געהיימע בע־פעהלען פון פינסטערע לענדער, פון שווארצע היילען, פון טיעפע אבגרונדען.

— מיין גאט, אויף וואס ווארט ער? — האט יעדער אין דער שטיל געפרעגט. הויך צו פרעגען עס האט מען מורא געהאט. עס קען ארויסגעבען, אז מען איז נעגען מלחמה, אז מען איז א פרעמדער, אז מען פלוכט אין הארצען די פיהרער און הערשער. וואס האבען דערטריבען די וועלט צום בלוטיגען סוף...

א טויטע שטילקייט!

באלד אבער האט די שטילקייט איבערגעריסען א שטילער שלוכצען וואס איז אין א ווייל ארום אריבערגעגאנגען אין א העפטיג געוויין.

די פאסאזשירען זיינען פון דעם דאזיגען געוויין ווי ער־מונטערט געווארען. פונקט ווי אין א שלאפלאזער נאכט, ווען דו ליעגסט אין בעט און עס שרעקט דיך די פינסטערניש און די שטילקייט און פלוצים צוואוויינט זיך ערגעץ א קינד און איבער־צייגט דיך, אז עס איז נאך דא אויף דער וועלט ערגעץ לעבען און זארג...

ווער וויינט עס אבער?

אין א פינסטערען ווינקעל פון וואגאן זיינען געזעסען, בע־טוליעט איינע צו די אנדערע צוויי פינסטערע געשטאלטען. אז

מען האָט זיי געגנוי בעטראַכט, האָט מען אין זיי דערקענט א יונג־מיידעל איינגעוויקעלט אין א טוך און א יונגען סאָלדאַט, געקליידט אין פולער אמוניציע. צווישען זיינע פיס איז געשטאַנען א שווארצע דראָהענדע ביקס... עס האָט זיך געדאַכט, אז דאָס לעבען טוליעט זיך צום טויט...

א שוידער איז דורכגעלאָפען איבער'ן לייב ביי דעם דאָזיגען בילד. דאָס שלוכצען פון דער מיידעל איז אלץ געווארען העכער און העכער, הארצרייסענדער און טרויעריגער.

אָבער באַלד איז איהר וויינען שוואכער און שוואכער געווארען. דער סאָלדאַט, איהר געליעבטער, האָט איהר עטוואס איינגערוימט אין אויער און געגלעט איבער איהר נאַסע באַקען.

זי האָט זיך קענטיג בעהערשט. אין וואגאָן האָט ווידער די טויטע שטילקייט אנגעהויבען הערשען.

ווען דאָס מיידעל וואָלט עטוואס העכער וויינען, וואָלט דאָך פרעהליכער געווען!

וויל זי אבער ניט דעם עולם פרעהליך מאכען.

די פּאַסאַזשירען זיינען געזעסען ווי פער'משפט'ע און געווארט...

דאַן האָט זיך דערהערט א געזאַנג. אנפאַנגס שטיל, ווי פאַר זיך אליין, באַלד אבער אלץ העכער און העכער, שניידענדיגער און הארץ־רייסענדיגער. געזונגען האָט עס דער יונגער סאָלדאַט און געזונגען פאַר איהר, פאַר דער געליעבטער.

„דער ערשטער שאָס פאַר דיר,

פאַר דיר מיין טייערע...“

ער האָט ניט דערמאָנט ניט דעם קעניג, ניט דאָס פאָטערלאַנד, נאָר זיין געליעבטע, פאַר וועלכע ער וואָלט אזוי געוואָלט לעבען, אָבער מען לאָזט איהם ניט.

דערפאַר וועט ער שטאַרבען פאַר איהר.

דאָס מיידעל איז אינגאַנצען אנשווייגען געווארען, געהערט האָט זיך בלויז דאָס ליעד:

„דער ערשטער שאָס פאַר דיר,
פאַר דיר מיין טייערע...“

און געדאַכט האָט זיך, אז דאָס וויעגט ער זי איין דאָס לעצ־טע מאָל. ער וויעגט זי מיט א ליעדעלע פון טויט און זי הערט און ווערט בערוהיגט.

און רוהיג זיינען געוואָרען אַלע פּאַסאַזשירען.

אַלע זיינען ווי פערוויעגט געוואָרען פון דער דאָזיגער לעצ־טער ליעד און האָבען אין חלום געזעהן דעם יונגען סאָלדאַט לי־גען אויסגעצויגען אויף א ברייטען פעלד מיט א זיסען שמייכעל אויפ'ן פערבלוטיגטען פנים, און ער זינגט דאָס ליעד מיט דעם לעצטען אָטהעם:

„דער ערשטער שאָס פאַר דיר,
פאַר דיר מיין טייערע...“

# מענדיל׳ס פעלדער.

כאַטש מענדיל לעווין איז געווען אַ איד מיט אַ הדרת פּנים און זיין זילבערנע באָרד איז געווען פון יענע בערד, וואָס ניט אַ יעדער איד וועט האָבען די העזה צו טראָגען, שוין אָבגע־רערט פון זיינע זויבערע קליידער און שטענדיג געפּוצטע שטי־וועל, — איז ער דאָך אינגאַנצען געווען ניט מעהר ווי אַן אמת׳ער פּויער, ווי אַנטאָש, איוואַן און פּראָקאָפּ... און טאָמער פלעגט ער האָבען אַ משפּט פלעגט ער גערופען ווערען, ניט ווי אַלע שטאָד־טישע אידען, צום פריעדענס־דיכטער, נאָר ווי אַ פּשוט׳ער פּוי־ער — צום „סטאַרשינאַ" אין „וואָלאָסט" און — אַ ברירה האָט ער געהאַט — ער האָט געמוזט געהן.

אמת, דער סטראַשינאַ פלעגט איהם רופען פּאַני לעווין און פלעגט זיך בעגעהן מיט איהם ווי מיט אַ שליאַכטשיץ, נאָר אין די פּאַפּירען איז ער פאָרט ניט מעהר געווען ווי אַ פּויער.

און דאָס אונגליק זיינס איז בעשטאַנען נאָר דעריין, וואָס זיינער אַ זיידע, דוקא איד אַ למדן איז אַ מאָל „משוגע" געוואָ־רען און ווען ניקאָלאַי דער ערשטער האָט געגעבען אידען ערד, האָט דער דאָזיגער זיידע אָנגענומען די מתנה... און זייט דע־מאָלט איז די משפּחה געוואָרען אַ פּויערשע...

די שטעדטילשע אידען האָבען געשאַצט, אַז מענדיל לעווין פערמאָגט אפשר ביי אַ צוואַנציג „וולאָקעס" ערד! ווען ער זאָל זיי אַליין „איינטהאָן" וואָלט ער געווען אַן עושר. אָבער אַזוי ווייט איז מענדיל אין זיין פּויערשקייט ניט געגאַנגען. ער איז געווען אַן איידעלער איד, אַ למדן, און ניט נאָר ער האָט די ערד ניט בעאַרבייט, ער פלעגט זעלטען קומען אויף די פעלדער,

וואו געדונגענע פויערים זיינען געשטאַנען און געאַקערט, גע־זעעט און שפּעטער, אין אב־צייט, זיינען שוין געשטאַנען יונגע, געזונטע פויערטעס, שטעדטילשע שיקסעס און האָבען געשניטען און געבונדען די זאַנגען אין גאַרבען, פּונקט, ווי אין תנך״ם ציי־טען... פלעגט ער יאָ אַמאָל קומען אויפ׳ן פעלד, פלעגט ער, ווי בועז, זיך שטעלען ביים ברעג פון פעלד בעטראַכטען די שני־טערינס וועלכע ער האָט אַלע געקענט און געפינענדיג אַמאָל אַן אונבעקאַנטע, פלעגט ער פרעגען טאַקע ווי בועז: ווער איז די דאָזיגע שיקסע? נאַטירליך, האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די אונ־בעקאַנטע איז פּונקט אַ שכנ׳טע, וואָס וואוינט ניט ווייט פון זיין הויז, נאָר אַזוי ווי זי האָט זיך פערבונדען דאָס פּנים צו בעשיצען זיך פון דער זון, האָט ער זי ניט דערקאַנט.

פלעגט ער דאָרט טרעפען אַמאָל זיינע זיהן וואָס האָבען געלערענט אין דער שטעדטילשער ישיבה, פלעגט ער זיי מוסר׳ן:

— וואָס טהוט איהר דאָ, שקצים? — אייער אָרט איז אין בית מדרש!...

אבער דער אינגערער זוהן, יודעל, אַ געוויקסינער, געזונ־טער בחור׳עץ, ניט קענענדיג בעהערשען דעם יצר־הרע, פלעגט זיך נעהמען העלפען די שניטערינס — פלעגט מענדיל שוין אויף איהם גוט אָנשרייען:

— לעג אַוועק, פויער דו, די קאָסע... יודלען אבער, האָט דוקא געצויגען צו דער קאָסע, צו דער הריאַבלע און צו די גאַר־בען... און ווען ער פלעגט נאָר האָבען אַ געלעגענהייט זיך אָב־גנב׳ענען פון בית־מדרש, צי פון הויז, פלעגט ער זיך לאָזען צו די פעלדער און זיך שטעלען אַרבייטען גלייך מיט די פויערים און פויערטעס.

מען האָט איהם שוין אַמאָל געכאַפּט ווי ער איז נאָכגענאָנ־גען נאָכ׳ן פערד מיט׳ן אַקער און געאַקערט ווי אַן אמת׳ער גוי...

די דאָזיגע ידיעה איז אָנגעקומען צו מענדלי׳ן אַליין. ער האָט איהם גענומען אויפ׳ן פערהער:

— וואו ביזט דו געווען?
— אין בית־מדרש...
— מען זאגט, אז דו ביזט געווען אין פעלד...
האט זיך יודעל געמוזט מודה זיין.
— וואס האסטו דארטען געטהאן?
— גאר ניט...
— איך האב געהערט, אז דו האסט געאקערט...
— איך האב ניט געאקערט... — האט יודעל פערזיכערט,
אבער דער פאטער האט געפיהלט אז יודעל זאגט א ליגען און ער האט זיך גענומען צו איהם נאך שטרענגער:
— אז מען וועט דיך כאפען נאך אמאל ביים אקער, וועל איך דיך פון הויז ארויסטרייבען, דו פויער איינער... דער ראש הישיבה האט מיר טאקע דערצעהלט אז דו ווייסט קיינמאל ניט דעם „שיעור“, און האסט נאך איהם קיין איין רעכטע „קשיא“ ניט געפרעגט...

---

וויפיעל מענדיל לעווין׳ס פעלדער זיינען ווערטה געווען, האט מען אויף זיכער ניט געוואוסט: קיינער פון די שטעדטעלשע אידען האט מיט פעלדער קיין מסחר ניט געפיהרט, אבער גע־שאצט האט מען מענדיל׳ס ערד אין די צעהנדליגער טויזענדער... דער פרוש פון בית־מדרש, וואס איז געווען בעהאוועטט אין מסכתא „זרעים“, האט געזאגט, אז אין ארץ־ישראל וואלטען אזוינע פעלדער ווי מענדיל׳ס, אנגעטראפען אן אוצר, אבער אין רוסלאנד איז ערד בחצי חנם, ווייל „פאניע“ קען אלע טאג חרטה האבען און צוריק אוועקנעהמען... פון דעסטוועגען האט ער זיך געוואונשען צו פערמאגען א דריט־חלק, וואס איין „וולאקע“ מענדיל׳ס ערד איז ווערט.
— און ווען מען גיט אייך ערד אומזיסט, וואלט איהר גע־נומען? — האט איהם א צווייטער בית־מדרש איד געשטעלט א שאלה...

— אומזיסט? ווייס איך... וואָס וואָלט איך געטהאָן דער־מיט? אז אליין טויג איך צו דעם ניט...

— וואָלט איהר געדונגען גויים...

— יאָ, דאָס „שיקט זיך“ שוין, אבער גענוג האָב צו טהאָן מיט גויים!

און דערפאַר האָט קיינער ניט מקנא געווען מענדלין זיינע פעלדער, מען האָט געשמועסט אז מענדיל אליין איז אַ איד אַ אָרימאַן, מאַכט אַ לעבען בדוחק, ווייל העלפט פון די תבואות מוז ער אָוועקגעבען די גויים, וואָס בעאַרבייטען איהם די ערד און דאָס וואָס ער בעקומט פון דער אנדערער העלפט, וואָס ער פערקויפט, איז ווייניג צו לעבען אַ גאַנץ יאָהר... ווייל כאָטש מענדיל איז אויפ'ן פּאַפּיער אַ פּויער, האָט ער זיך געפיהרט מעשה גביר... געוואוינט אין אַ שעהן הויז, געטראָגען די שעהנס־טע קליידער און געקויפט די טייערסטע עליות...

דערפאַר איז מענדיל געווען שטענדיג אַ בעל־חוב און באַר־נען עטליכע רובעל איז איהם אָנגעקומען שווער, ווייל בעריל כאַטשע'ס, דער שטעדטעלשער וואַכערניק, פלעגט בלויז באָרגען געלט אויף מטלטלים, ווי קישענס, לייכטער און שנירלעך פּעריל, אָבער ניט אויף קרקע...

— וואָס וועל איך מאַכען מיט אַ שטיק קרקע — איך וועל עס דען בייסען? אזוי פלעגט בעריל כאַטשע'ס פרעגען מענדיל לעווין ווען ער פלעגט צו איהם קומען באָרגען אַ ביסעל געלט צו בעצאָהלען די גויים פאַר'ן בעאַרבייטען זיינע פעלדער...

און מענדיל פלעגט איהם אין האַרצען געבען גערעכט:

און קומענדיג אהיים, פלעגט מענדיל אָן אָנגעכמורעטער אָראָבוואָרפען פון זיך דאָס היטעל, אָנטהאָן די שבת'דיגע יאַר־מאַלקע און זיך אַוועקזעצען ביים טישעל וואָס איז געשטאַנען נעבען דעם אַלמער ספרים און זיך נעהמען לערנען מיט אַ טרוי־ריגען ניגון, אַוועקטראָגענדיג זיך אין אנדערע וועלטען ווייט פון

די פעלדער, וואס ניקאלאי דער ערשטער האט געשענקט זיין זיידען...

און באלד האט ער שוין אינגאנצען פערגעסען, אז איהם פעהלט צו בעצאהלען די גויים וואס האבען בעארבייט זיין ערד: ער האט פונקט געהאט אויפצופלאנטערען דעמזעלבען ענין אין דער גמרא, וואו עס האט זיך געהאנדעלט, וועגען א געוויסען מאן, וואס האט פערמאגט פעלדער און האט זיינע ארבייטער פארנאכט ניט בעצאהלט — ווי איז דער דין? האט מענדיל ארייגעקוקט אין רש"י, אין תוספות, אין „פני יהושע“ און גע־זוכט צו פערענטפערען דעם דאזיגען מאן, וואס האט געלעבט מיט טויזענדער יאהרען צוריק אין אן אנדער ווייטען לאנד...

## „ניטשע".

שוין עטליכע חדשים ווי הערמאַן האָט פערלוירען זיין שטעל צוליעב אַ קאַפּריז און געפינט זיך די לעצטע צייט אין אַ שווערער מאַטעריעלער לאַגע.

ענדליך האָט ער בעשלאָסען זיך צו ווענדען צו איינעם פון זיינע בעקאַנטע נאָך הילף...

— צו אַלדע טייוועל! — האָט ער געמורמעלט, אומגע־הענדיג אין זיין צימער, פון וועלכען עס איז ניט לאַנג אַרויס דער ווירט און אַנגעזאָגט מיט'ן הארבען וואָרט, אַז ער מוז איהם בעצאָהלען פאַר די דריי חדשים דירה־געלט — צו אַלדי טייוועל! לענגער אַזוי קען עס דאָך ניט געהן. אָדער אַהער, אָדער אַהין...

ביי'ן וואָרט „אַהין" האָט הערמאַן געקוקט אויף די „געז". אָבער דאָס האָט ער בלויז געסטראַשעט די פיער ווענט. הערמאַן איז בטבע אַן אָפּטימיסט און איז געגען אַזוינע מיאוס'ע זאַכען...

— עס זיינען דאָך דאָ איינגענטליך מענשען! האָט ער ווי ביי עמיצען געמאָהנט... עס איז דאָך באמת איינער פון די גרעסטע פערברעכענס צו לאָזען אַ מענשען אונטערגעהן, צוליעב אַ וועלכער עס איז נישטיגער סומע.

נאָך דער דאָזיגער טענה האָט ער דערפיהלט אַ בערעכ־טיגונג צו פאָדערן פון וועמען עס איז הילף... ער האָט איבער־געוואָרפען אין קאָפּ אַלע זיינע בעקאַנטע, פריינד און פערוואַנ־דטע. פאַר זיינע אויגען האָבען זיך גענומען טראָגען פערשיע־דענע פנים'ער: שוואַרצע און בלאָנדע, יונגע און מיטעלמעסי־

גע: פּנים'ער מיט לאַנגע נעזער, פלאַכע נעזער און גראָבע נעזער. פּנים'ער מיט גרויסע אויגען און ברוינע אויגען; פּנים'ער ערנסטע און שמייכלענדיגע, פּנים'ער לאַנגע און קורצע, ווי ניט־דערענ־דיגטע... און פון די פּנים'ער האָט ער זיך אָבגעשטעלט אויף א גאַר־ניש־קשה'דיגען פּנים מיט שוואַרצע, כאָטש צו קליינע אויגען, מיט רונדע בעקלאָך און צוויי קליינע זאַפטיגע ליפּע־לאָך...

דאָס איז געווען דאָס פּנים פון'ם אַדוואָקאַט לואי איזאַק־סאָן, הערמאַן'ס א גוטער בעקאַנטער. ער געדענקט נאָך דעם דאָזיגען איזאַקסאָן, ווען ער איז געוועזען א סטודענט און א גרויסער רעוואָלוציאָנער, פלעגט זיך שטענדיג אַרומטראָגען מיט מיכאַילאָווסקי'ן, און זיך אַלץ געקליבען צו „געהן אין פאָלק" און לעבען גלייך ווי איינער פון פאָלק.

ליידער האָט ער נאָכ'ן ענדיגען בעקומען א רייכע כלה און נאָך דער חתונה א רייכערע קונדשאַפט און איז דערפאַר געווע־זען געצוואונגען צו שיידען זיך מיט זיין ליעבלינגס־פּלאַן, אוועק־צוגעהן אין פאָלק, און איז דערווייל געבליבען מיט זיין יונגע ווייבעל, וועלכע האָט דוקא געשטאַמט פון אַריסטאָקראַטען...

אבער א ליבעראַלער מענש איז ער געבליבען ביז איצט. ער פאָלגט נאָך די נייעסטע ליטעראַטור און דעבאַטירט אָפט־מאָל מיט פיעל טעמפּעראַמענט און אויפריכטיגקייט וועגען די גרויסע גייסטער פון דער צייט.

— עס איז דאָך אונמעגליך, אז דער דאָזיגער מענש וועל־כער שעצט אָפּ מיין אינטעליגענץ, זאָל מיך אָבלאָזען אָהן הילף. האָט הערמאַן זיך געמוטיגט מיט דער האָפנונג און האָט זיך מכוין געווען צו בעזוכען דעם דאָזיגען איזאַקסאָן אין אָווענד, ווען יענער איז פריי פון זיין קונדשאַפט.

— עס זאָל גאָר קיינער אויסער איהם ניט זיין דערביי! — האָט הערמאַן זיך געשראָקען.

---

שטעהענדיג שוין נעבען שעהנעם הויז, וואו איזאקסאָן האָט געוואוינט האָט הערמאַן איבערגעטראַכט, ווי אַזוי דעם דאָזיגען אַלטען בעקאַנטען זיינעם פאַרבעדייטען, אַז יענער זאָל זיך לאָזען דיענען... דער ערשטער געשפּרעך וועט נאַטירליך זיין איבער ליטעראַטור — דאָס איז איזאַקסאָן'ס שוואַכע זייט. אַזוי געדענקט ער איהם, ווענינגסטענס, זייט דער לעצטער בעגעגעניש מיט אַ האַלב יאָהר צוריק. דעמאָלט האָבען זיי גערעדט וועגען דעם ווי אַזוי דאָס הומאַנע געפיהל דריקט זיך אויס בולט'ער אין די ווערק פון די רוסישע שריפטשטעלער און ווע־ניגער ביי די גערמאַנער... איזאַקסאָן איז פון חער דאָזיגער ענטדעקונג געוועזען צופריעדען און אַלס בעווייז האָט ער זאָגאַר דערמאָנט אייניגע שטעלען פון די רוסישע קלאַסיקער...

און אויף דעם חשבון פון די הומאַנע רוסישע קלאַסיקער האָט הערמאַן מיט שטאָלץ אָנגעקלונגען אין טהיר.

ער האָט דערהערט לייכטע אָבער זיכערע טריט, וועלכע האָבען זיך גענעהענטערט צום טהיר פון אינוועניג.

די טהיר האָט זיך אויפגעעפענט און צו הער־מאַנ'ס גליק איז ניט געוועזען קיין גרעניץ: געעפענט האָט איהם טאַקע איזאַקסאָן זעלבסט.

— איהר זייט אַליין! — האָט הערמאַן, אַנשטאַט צו גרי־סען, פאַר פרייד אויסגעשריען!

— יאָ! וואָס איז דען?

— ניין... אַזוי... האָט הערמאַן זיך געכאַפּט, אַז זיין פרייד קען איהם גלייך אַרויסגעבען און ער האָט זיך געפיהלט אין אַן אונבעקוועהמער לאַגע.

אָבער איזאַקסאָן האָט איהם פריינדליך אָנגענומען פאַר די אַקסלען און איהם אַריינגעפיהרט אין זיין קאַבינעט.

— אַך, מיין גאָט, וואָס ביכער איהר האָט! — האָט הער־מאַן מיט בעגייסטערונג אויסגערופען און איז געוועזען זיכער, אַז אָט דער בעזיצער פון אַזאַ רייכען ביכער־אוצר, בעזיצט אויך די

שעהנסטע און הומאנסטע געפיהלען צו זיינע מיט־מענשען.

— געווים... — האט איזאקסאן צופריעדען געשמייכעלט— ביכער זיינען נאך אלץ מיין שוואכע זייט. איך קויף זיי און לייען זיי...

— וואס לייענט איהר איצט? — האט הערמאן געפרעגט און געווארפען א בליק אויפ'ן ביכעל, וואס איז געלעגען אויפ'ן טישעל אין א שעהנעם איינבינד.

— גיעט א קוק וועט איהר וויסען... — האט איזאקסאן ווי טראציג געמורמעלט.

הערמאן האט ניט אהן א געוויסער שרעק אויפגעעפענט דעם לינקען טאוועל, א בלעטער געטהאן דאס ערשטע זייטעל און ווי עמיצער וואלט איהם פון הינטען ארום ערגעץ א ביס געטהאן, האט ער אויסגעשריען:

— פריעדריך ניטשע!... אלזא, שפראך זאראטוסטרא!.. און האט דאס ביכעל פון האנד ארויסגעלאזען, ניט געפינענדיג מעהר קיין ווערטער...

— קענט איהר עם? — האט איזאקסאן געפרעגט.

— יא.. האט הערמאן שוואך, ווי פערשולדיגט געענט־פערט... איך האב עם געלעזען...

— א גרויסער גייסט! — האט איזאקסאן געריהמט...

— הם.. א דיכטער... האט הערמאן געוואלט איהם מבטל זיין.

איזאקסאן האט זיך אבער אלץ מעהר און מעהר בעגייס־טערט:

— איך האב שוין לאנג אזוינס ניט געלעזען, וואס זאל אויף מיר ווירקען אזוי שטארק, ווי דאס דאזיגע ווערק.

— וואס געפעלט אייך אייגענטליך ביי דעם דאזיגען „פאנטאזיאר“? האט הערמאן ניט געקענט בעהאלטען זיין שלעכטע מיינונג וועגען דעם בוך.

— ווי רופט איהר איהם? — האט זיך אייזיקסאן בעלע־

דיגט „פאַנטאַזיאָר“... כאַ־כאַ־כאַ! ניטשע איז א פילאָזאָף! זיין טעאָרי וועגען דעם איבער־מענש איז ערהאבען... און ווירק־ליך — האָט זיך איזאַקסאָן אַלץ מעהר בעגייסטערט — איז דען אונזער ביז אהעריגע מאָראַל ניט געוועזען א שקלאַפען־מאָראַל?

— פון דעסטוועגען וואָלטען מיר איין מינוט ניט געקענט עקזיסטירען מיט הער הערדען־מאָראַל פון ניטשע... האָט הערמאַן זיך געפּרובט ראַטעווען...

— וואָרום דען? — האָט איזאַקסאָן זיך אָנגעכאַפּט — זאָלען טאַקע די שוואַכע אונטערגעהן און זאָלען בלייבען בלויז די שטאַרקע...

הערמאַן איז געבליבען ווי פערווירט. „נאַ דיר נאָר א נייע טעאָריע... די שוואַכע זאָלען אונטערגעהן... הייסט עס, אז ער אליין איז דער ערשטער אויפ׳ן צעטעל... און ווי אַזוי וועגדט מען זיך צו איהם איצטער נאָך הילף... א קאָמישע לאַגע...

ער איז געזעסען נאָך א ווײַלע, געפּרובט אָבשלאָגען ני־טשעס טעאָרי מיט קראָפּאָטקינ׳ס „געגענזייטיגע הילף“, ער האָט אפילו פער׳מסור׳ט ניטשע׳ן, אז ער איז ענדליך משוגע געוואָרען, אבער דאָס אַלץ האָט ניט געהאָלפען. איזאַקסאָן האָט זיך געהאַלטען פעסט ביי זיין מיינונג, אז ניטשע איז גערעכט. די שוואַכע דאַרפען, מוזען און וועלען אונטערגעהן און אז די ביזאהעריגע מאָראַל איז אַלט און פערשימעלט און דער מענשלי־כער גייסט מוז זיך פון איהם אָבטרייסלען...

— יאָ, האָט ענדליך הערמאַן וועלכען עס איז שוין געוואָ־רען הייס — ארויסגעמורמעלט — עס איז אַלענפאַלס א וויכטי־גע פראַגע... מיר וועלען נאָך אַמאָל שמועסען דעריבער...

—א געוויס, געוויס! — האָט איזאַקסאָן פון זיין זייט מסכים געווען... — איך בין איצט אין גאַנצען דורכגעדרונגען מיט זאַראַטוסטראַ... איהר אייַלט זיך, וועל איך אייך ניט אָב־האַלטען, אבער פאַר׳ן אוועקגאַנג זאָג איך אייך, אז גערעכט איז ניטשע...

און ארויסגעהענדיג פון איזאקסאָן'ען האָט הערמאַן גע־טראכט:

— ווי קאָמיש! ווי קאָמיש! געהסט צו א מענשען בעטען ער זאָל דיר קומען צו הילף און ביזט גליקליך, וואָס קיינער איז דערביי נישטאָ. מיט אמאָל — מישט זיך אריין ניטשע פון יע־נער וועלט און לאָזט דיר דאָס מויל ניט עפענען...

און געהענדיג האָט זיך איהם געדאכט, אז דער זעלבער ניטשע געהט איהם נאָך פון הינטען און פליסטערט איהם: די שוואכע מוזען אונטערגעהן... און זיין בעקאנטער איזאקסאָן מיט א צופריעדענעם שמייכעל פאַרטאַקעוועט:

— געווים! געווים!

און הערמאַן האָט זיך געלאָזט שנעלער געהן, ווי ער וואָלט געזוכט ערגיץ א שוץ פון די דאָזיגע צוויי...

# שטענדיג א בעל־חוב.

אין די שלעכטע צייטען האט בערקמאן מעהר פון אלץ גע־ליטען פון בעלי־חובות. בטבע א מענש א גוטער און א ווייכ־הערציגער איז איהם געווען שווער בכלל עמיצען צו אבזאגען, אפילו ווען ער איז יענעם ניט שולדיג געווען, בפרט אזא וועל־כען ער איז יא שולדיג געווען.

דערפאר האט בערקמאן געמאכט א בעשלוס, אז ווי באלד ער וועט אויסצאהלען אלע חובות, זאל ער נאכדעם, מעג ער אפילו וויסען, אז עס וועט איהם אויסקומען צו ליידען, קיין חובות מעהר ניט מאכען.

און ווירקליך, ווי נאר ער האט געקראגען בעשעפטיגונג, האט ער גענומען אויסצאהלען די אלע חובות. און אבצאהלענדיג דעם לעצטען חוב האט ער פריי אבגעאטהעמט און, קעגען זיין געוואוינהייט, אויפגעהויבען די הענד צום הימעל און מיט א שמייכעל אויסגערופען:

— איך דאנק דיר גאט! ענדליך זיך בעפרייט!

די געשעפטען זיינען געגאנגען גאר נישקשה'דיג. זיינע איינקינפטע האבען איהם ערלויבט, נאכדעם ווי ער האט אלע חובות אויסגעצאהלט, צו לעבען ברייטער און פרייער. דערפון זיינען גלייך געוואהר געווארען די בעקאנטע און ניט איינער פלעגט קומען צו איהם אויסקלאגען דאס הארץ און בעטען ער זאל איהם בעהילפיג זיין מיט געוויסע סומען.

די דאזיגע געבעטענע סומען זיינען אבער געווען צו גרויס, אז מען זאל יעדען קענען געבען מיט אמאל, איבערהויפט איז צו גרויס געווען די סומע, וואס עס האט ביי איהם פערלאנגט

עפּעס איינער א יונגער מאַן, וועלכען ער האָט ערגעץ־וואו אין דער וועלט געזעהן. דער דאָזיגער יונגער מאַן האָט איהם אויפֿ־געזוכט און געמאַכט דעם אָנשטעל, אז ער איז מיט איהם, מיט בערקמאַן'ען הייסט עס, געווען אמאָל גאָר נאָהענטע חברים, כמעט ווי אויף „דו". און האָט דערביי זעהר צוגעלאָזט געשמיי־כעלט.

—יעס, מר. בערקמאַן, אמאָליגע צייטען... דו געדענקסט— איהר געדענקט... אין קיעוו ?...

— אין קיעוו בין איך קיינמאָל ניט געווען — האָט פֿער־טיידיגט זיך בערקמאַן.

— אַך, איך מיין אין קאָוונא... — האָט פֿעררעדט דער יונ־גערמאַן זיין פֿעהלער.

— יאָ, אין קאָוונא האָב איך טאַקי אמאָל פֿערבראַכט א פּאָר וואָכען.

— א האַלב יאָהר ! — האָט פֿעררעכט ווידער דער יונגער־מאַן.

בערקמאַן האָט אבער געוואוסט אויף זיכער, אז ניט מעהר ווי א פּאָר וואָכען, אבער ער האָט ניט געקענט אזוי פֿיעל דינגען זיך מיט איהם און האָט איהם דערלעגט א פּאָר חדשים.

— מעגליך, אז צוויי־דריי מאָנאַט...

— איך זאָג אייך א האַלב יאָהר איז א האַלב יאָהר ! — איהר קענט זיך שוין אויף מיר פֿערלאָזען !

און דער יונגערמאַן האָט זיך גענומען דערצעהלען, ווי אזוי אין יענער צייט האָבען זיי זיך ביידע געמוטשעט.. און ווי באַלד אז אמאָל האָט מען זיך צוזאַמען געמוטשעט, וויל ער היינט צו־זאַמען פֿרעהען זיך, און אזוי ווי גאָט האָט בערקמאַן'ען איצטער געהאָלפֿען, פֿערלאַנגט דער יונגערמאַן, אז בערקמאַן זאָל איהם איצט בעהילפֿיג זיין מיט א הונדערטער.

— א הונדערטער !...—האָט בערקמאַן ארויסגעשטאַמעלט—

אזוי פיעל קען איך איצט ניט... פארלויפיג בעקומט איהר א פופ־ציגער... די איבריגע וועל איך אייך געבען א צווייטען מאל.

דער יונגערמאן האט זיך אביסעל געדונגען און איז ענדליך מרוצה געווארען, אבער מיט דעם תנאי, אז די צווייטע העלפט זאל ער איהם א צווייטען מאל געבען.

בערקמאן האט נישט געהאט קיין אנדער ברירה ווי צו פערשפרעכען.

דער יונגערמאן האט זיך אבגעזעגענט גאנץ העפליך און איז ארויסגעגאנגען.

בערקמאן איז געווען זיכער, אז מעהר וועט ער איהם שוין ניט אנזעהן און איז געווען צופריעדען. דער יונגערמאן איז איהם ניט בעזונדערס סימפאטיש געווען.

אבער אין א וואך ארום קומט צו געהן דער יונגערמאן צו בערקמאן'ען אין צימער, זאגט איהם א פריינדליכען „גוד־איוור־נינג", אויסשטרעקענדיג דערביי די האנד, און נאך'ן אפיציעלען בעגריסען זיך, ווענדעט ער זיך פארמעל:

— איהר האט מיר נאך צו געבען א פופציגער...

בערקמאן, וועלכער האט שוין כמעט ווי פערגעסען יענעם פופציגער, ערוואכט ווי פון א חלום און פיהלט, אז דער יונגער־מאן איז איהם עפעס אזוי שווער, און כדי דערוויי ל פטור ווערען פון איהם, זאגט ער איהם שנעל:

— יעצט האב איך ניט... קומט א צווייטען מאל...

דער יונגערמאן קוויינקעלט זיך אביסעל, אבער ענדליך איז ער מסכים:

— מילא, איך וועל ארויפקומען נעקסטע וואך...

נעקסטע וואך איז שוין בערקמאן אין דער היים ניט געווען. ער איז געזעסען אין א רעסטאראן מיט בעקאנטע.

דער יונגערמאן איז גלייך געוואהר געווארען דעם פלאץ, האט זיך שטיל אריינגערוקט און געווענדעט זיך צום קעלנער:

— איז דא ניטא מר. בערקמאן?

דער קעלנער רופט אָב בערקמאַן'ען.

— א יונגערמאַן פרעגט אויף אייך.

בערקמאַן שטעלט זיך אויף און דערזעהענדיג דעם יונגענ־מאַן, וויל ער זיך ווענדען צום קעלנער ער זאָל איהם הייסען געהן, אבער אום ניט צו מאַכען א סקאַנדאַל, ווענדעט ער זיך צום יונגענמאַן מיט א געמאַכטען שמייכעל:

— קומט איבערמאָרגען צו מיר אהיים וועלען מיר סעט־לען !...

דער יונגערמאַן פיהלט זיך ווי בעליידיגט און רופט זיך אָן מיט בעהאַלטענעם צאָרן :

— איהר ערלויבט זיך צופיעל מיט מיר, מר. בערקמאַן. איך האָף אז דאָס צווייטע מאָל וועט איהר זיך ניט ערלויבען אזוי... אַלזאָ, ווען זאָל איך קומען ?...

— קומט איבער־אכטאָג דאָנערשטאג א זייגער 7 אין אבענד צו מיר אהיים... רופט זיך אָב בערקמאַן, אום דערווייל ניצול צו ווערען...

דערווייל האָבען ביי בערקמאַנ'ען די געשעפטען גענומען געהן מיט'ן קאָפּ אראָב. דאָס ביסעל געלט וואָס ער האָט נאָך געהאַט אבגעשפּאָרט פון די לעצטע גוטע וואָכען האָט ער בע־שלאָסען צו שפּאָרען ווי ווייט עס וועט זיך לאָזען.

אבי קיינעם ניט שולדיג זיין, האָט ער פאַר זיך אליין ארויסגערעדט.

און באַלד האָט ער זיך דערמאָנט אן דעם יונגען מאַן און בעשלאָסען מעהר איהם גאָר נישט צו געבען: גענוג פאַר איהם די ערשטע פופציג דאָלאַר !..

אָבער דער יונגערמאַן איז געקומען צו דער בעשטימטער שעה.

— איהר וועט מיר ענטשולדיגען — האָט בערקמאַן אָנ־געהויבען...

— ניין! ניין, מר. בערקמאן, מעהר קען איך נישט וואר־טען...

— וואס קענט איהר ניט ווארטען? — איז בערקמאן אי־בעראשט געווארען.

— איך מיין די פופציג דאלאר...

— וועלכע פופציג דאלאר?...

— וואס איהר זיינט מיר שולדיג...

— אך, יא... האט בערקמאן זיך ווי צוטומעלט... ס'הייט איינגענטליך ווי אזוי שולדיג?... ווען האב איך ביי אייך גענומען?

— איהר מאכט זיך צום נאר, מר. בערקמאן, איז דער יונ־גערמאן געווארען נערוועז — וואס הייסט, איהר האט ביי מיר גענומען? איהר האט נאך געוואלט ביי מיר נעהמען?... ווען איהר נעהמט ביי מיר, וואלט איך ביי אייך ניט געמאהנט— א י ך האב ביי אייך גענומען פופציג דאלאר... איהר האט שוין פערגעסען?...

— טא ווי אזוי־זשע בין איך אייך שולדיג...

— ווייל איך האב געדארפט נעהמען הונדערט... איהר פערשטעהט? — איך האב געדארפט נעהמען הונדערט און גע־געבען האט איהר מיר בלויז פופציג, שוין צייט אייך צו וויסען דעם חשבון קלאר...

— דארף איך אייך הייסט עס געבען נאך פופציג...

— געוויס! — האט זיך דער יונגערמאן אנגעכאפט — עס איז דאך א קלארער חשבון: געדארפט געבען האט איהר הונ־דערט און געגעבען האט איהר פופציג דאלאר...

— איהר מיינט צו זאגען, אז איהר פערלאנגט נאך א פופ־ציגער... האט בערקמאן געוואלט אבשוואכען דעם איינדרוק פון א חוב...

אבער דער יונגערמאן איז געשטאנען פעסט:

— איך פערלאנג פון אייך קיין טובות. איך מאהן בלויז דאס, וואס מיר קומט פון אייך.

דא האט זיך שוין בערקמאן אינגאנצען צוטומעלט און מיט א שוואכער שטימע, ווי אין די שלעכטע צייטען, ווען ער איז א בעל־חוב געווען, האט ער זיך געווענדט צום יונגענמאן:

— נו, בעט איך אייך איהר זאלט מיר ווארטען נאך א קורצע צייט, לאמיר זאגען נאך א וואך...

אין א וואך ארום האט זיך בערקמאן געווענדט צו זיינעם נאהענטען פריינד ער זאל איהם בארגען א פופציגער.

— אויף וואס דארפסטו? איז דער פריינד נייגעריג געווען.

— איך מוז ברודער, בעצאהלען א זעהר מאוס'ען חוב...

— הויבסט שוין אן ווידער מאכען חובות... האט דער פריינד איהם גוטמוטיג גע'מוסר'ט.

— איך האב מיר ניט געקענט העלפען... — האט זיך בערקמאן פערענטפערט.

און זיצענדיג ביי זיך אין צימער און ווארטענדיג אויפ'ן יונגען מאן, האט בערקמאן פילאזאפירט:

אייגענטליך איז א מענשען אונמעגליך צו לעבען גאר אהן חובות... אזוי צי אנדערש, אבער שטענדיג זיינען מיר אימיצען עפעס שולדיג.

# געשפּיעלט פאַר׳ן קייסער.

דער אָרקעסטער פון דאַנסקי פּאָלק, וואָס איז בעשטאַנען פון זעקס און דרייסיג מאַן, האָט צווישען זיינע מוזיקאַנטען געצעהלט גאַנצע דרייסיג אידען. די דאָזיגע גרויסע צאָהל פון אידען האָט זיך געוואָרפען צופיעל אין די אויגען און ניט נאָר די זעקס קריסטליכע מוזיקאַנטען אליין, נור אפילו א מאַנכער אָפיצער פלעגט דעם דאָזיגען אָרקעסטער רופען מיט פעראַכטונג און מיט קנאה: „זשידאָווסקאַיאַ קאָמאַנדאַ“.

מיט קנאה מעהר ווי מיט פעראַכטונג. די מוזיקאַנטען האָט זיך טאַקע געלעבט ניט שלעכט. א דאַנק דעם בעריהמטען קאַפּעלמייסטער, א טשעך, האָט דער דאָזיגער כמעט אידישער אָרקעסטער געשפּיעלט די גרעסטע קאָמפּאָזיציעס פון די בעריהמטע קלאַסיקער. און איינמאָל איז דער קאַפּעלמייסטער אזוי וויים, אז ער האָט מיט דעם שטרייך אָרקעסטער אייגעלערנט מאָצאַרט׳ס און בעטהאָווענ׳ס א סימפאָניע!

דער קליינער שוב, א געוועזענער סטאָליער פון מינסקער גובערניע און דאָ א שפּיעלער אויף א נעדרעהטען אינסטרומענט, וואָס מען רופט „וואַלדהאָרן“, פלעגט זיצענדיג ביי מאָצאַרט׳ס סימפאָניע אין גאַנצען ציטערען. אין דער דאָזיגער סימפאָניע האָט ער געהאַט מעהר פּאַוזען איידער טאַקטען, און די דאָזיגע פּאַוזען צו צעהלען איז איהם אָנגעקומען זעהר שווער. פון מאָצאַרטען און בעטהאָווען האָט ער ווענינ געוואוסט, אבער די פאַר־היימישע אידישע מוזיקאַנטען, וואָס האָבען זיך אין דעם דאָזיגען מיליטער־אָרקעסטער געפונען, האָבען איהם ערקלערט ווי גרויס זיי זיינען געווען און אז א סימפאָניע איז ניט קיין מאַרש

און אפילו ניט קיין „באזשע צאריא כראני“ און דערפאר טאקי פלעגט ער זיצענדיג ביי דער סימפאניע פון מאצארטען אדער פון בעטהאווען מעהרער שווייגען ווי „בעגלייטען“, ווארום זיין שווייגען פלעגט דער קאפעלמייסטער זעלטען דערהערען, אבער קוים פלעגט ער א בלאז טהאן דוקא דארט וואו מען דארף ניט, פלעגט דער קאפעלמייסטער זיך ווארפען צו איהם מיט'ן „צוויבער־שטעקעלע“ און זיך צושרייען: „מאלטשי, מאלטשי!...

און אט א דאנק די דאזיגע סימפאניען אין וועלכע דער קליינער שוב פלעגט דאך אן אנטייל נעהמען, איז דער דאזיגער פאלקאוואי ארקעסטער געווען בעריהמט און פלעגט מען דארפען ערגיץ גוטע מוזיק, פלעגט מ'זיך שוין ווענדען צום דאזיגען ארקעסטער. אויף אזא אופן האבען זיך די אידישע מוזיקאנטען געפיהלט געהויבען און אויסער דאס געלד, וואס זיי פלעגען בעקומען, שפיעלענדיג אמאל ביים גובערנאטאר, ביים ארכירעי און אנדערע הויך־געשטעלטע פערזאנען, פלעגען זיי בעקומען אויך „ספאסיבא'ס“ און ניט זעלטען פלעגען זיי אויף די דאזיגע בעלער און ארגיען זיך צונויפמישען מיט די אפיציערען און אנדערע הויכע געסט און די מעהר ענטוויקעלטע און שעהנערע פלעגען זיך זאגאר צושארען צו א מאנכע יונגע דאמע פון באל, וועמעס מאן עס איז געווען אן אלטער פאלקאווניק, בעהאנגען מיט מעדאלען, אבער אהן א פונק לעבען...

דערפאר אבער פלעגט דער דאזיגער אידישער ארקעסטער האבען אויסצושטעהן צרות ביי א גרויסען „סמאטר“, ווען מען פלעגט זיך ריכטען, אז דער קארפוסנער קאמאנדיר אליין וועט אריבערקומען „קוקען“...

דער קאמאנדיר פון פאלק, אליין א ליעבהאבער פון מוזיק, פלעגט מורא האבען, אז דער קארפוסני זאל אמאל ניט בעמערקען די צו גרויסע צאהל אידען אין דער קאמאנדע. פאר אזא סמאטר פלעגען די אידישע מוזיקאנטען זיך מוזען גוט ארומנאלען, זיין געשווירען צום קאפ און בכלל אנגעהמען א בייזען,

שטרענגען קוק, עס זאָלען די אידישע אויגען ניט ארויסגעבען...

ערב סמאָטר פלעגט דער קאָמאנדיר, וואָס איז שטענדיג געווען מילד צו די אידישע מוזיקאנטען, זיך פערוואטרלען אין א בייזען און אויפגערעגטען פיהרער. ארייגקומענדיג אין דער קאָמאַנדרע און בעגריסענדיג די מוזיקאנטען, פלעגט ער מיט זייער ערשטען ענטפער ניט בלייבען צופריעדען.

— זינגט ניט, ווי אין סינאַגאָגע! — פלעגט ער בעמערקען בייז. און פלעגט נעהמען איינשטודירען מיט די מוזיקאנטען, ווי אזוי מאַרגען צו ענטפערען דעם קאָרפּוסנאָי קאָמאנדיר.

— זדראַווי זשעלאיעם וואשעמו, וויסאָקאָמו פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואו...

און מעהר ווי אלע האָט דאַן געהאַט אויסצושטעהן דער קליינער שוב, וועלכען עס האָט ניט געהאָלפען קיין שום גאָלען זיך. דער איד איז געלעגען אויף זיין מונדיר און שינעל, זאָגאר אויף דער קאָקאַרדע. דער „קאָמאַנדיר“ פלעגט איהם דרעהען אהער און אהין, הויבען איהם דעם קאָפּ און עס איז ניט געגאַנגען — שוב איז געבליבען מיט זיין אידישען אויסזעהן, אונגעענדערט... ביז וואנען דער קאָמאנדיר פלעגט פאַלען אויף א פּלאַן, ער זאָל שטעהן גאָר אין דער הינטערשטער רייהע, כאָטש לויט זיין אינסטרומענט קומט איהם די דריטע רייהע...

שוב פלעגט זיך פיהלען פון דער דאָזיגער בעשטימונג זעהר בעליידיגט. עס איז איהם אויסגעקומען צו שטעהן הינטער די גרויסע באַסען און טראָמבאָנען און ער איז שיער נישט פערטויבט געוואָרען פון זייערע ברייטע און הילכענדיגע נאָטען, וואָס זיי האָבען איהם ארייגעבלאָזען אין די אויערן.

איינמאָל איז אויסגעקומען דעם דאָזיגען אָרקעסטער מיטצוגעהן אויף א קייזערליכער מאַנעווערע...

עס האָבען מאַנעווירט צוויי „אָקרוגען“, דער ווילנער און דער וואַרשאַווער. דער אידישער אָרקעסטער מיט די זעקס קריסטען, פון וועלכע איבריגענס, איינער איז אין וועג קראַנק

געוואָרען, האָט זיך געפּיהלט צווישען די טויזענטע פערמדע מחנות, ווי א צוגעוואָרפען־פּעקעל... דערצו דאָס געפיהל, אז ערגיץ פאָהרט נאָך דער צאַר, די צאַרינע מיט דער גאַנצער סווי־טע... שוב האָט זיך געפּיהלט מיט זיין וואַלדהאָרן אין א טראַגי־קאָמישער לאַגע. ווי אזוי איז ער אריינגעפאַלען צווישען אזא'ן עם רב?... דערצו נאָך פלעגט מען זעהר אָפט הייסען דעם אָר־קעסטער אבשיידען זיך פון פּאָלק און בעהאַלטען זיך אין וועל־דיל. די אידישע מוזיקאַנטען האָבען עס ערקלערט מיט סטראַ־טעגיק, די עטליכע גוים אָבער האָבען געברומט, בייז אַנגעקוקט די אידען און געגעבען אַן אַנדער ערקלערונג:

— דאָס איז צוליעב אייך, אידען! מען וויל ניט, אז דער צאַר זאָל אייך זעהן... צוליעב אייך, דאַרפען מיר, פּראַוואָס־לאַוונע, אבקומען און ניט זעהן אונזער צאַר...

פלעגט שוב זיך פערטיידיגען:

— דאָס איז צוליעב סטראַטעגיק!

נאָר די גוי'אישע מוזיקאַנטען, האָבען זיך געהאַלטען, אז דאָס איז בלויז דערפאַר, וואָס מען שעהמט זיך צו ווייזען די אי־דישע קאָמאַנדע און האָבען גערדאָהט, אז קומענדיג פון דער מאַנעוורע, וועט מען זיי אלע צושיקען צוריק אין די ראָטעס...

---

אזוי האָט זיך געצויגען ביי א דריי וואָכען. דער אידישער אָרקעסטער האָט זיך אין דער קייזערליכער מאַנעוורע געפּיהלט ווי קאַנטראַבאַנדע, און ביי יעדען מאָל, ווען עס האָט זיך פער־שפּרייט א קלאַנג, אז דער קייסער איז נאָהענט, פלעגען זיי ער־וואַרטען, אז באַלד וועט קומען דער קאָמאַנדיר און זיי ערגעץ פערשטעקען אין א וועלדעל.

דערצו זיינען די מאַנעוורען געוועזען שווער ווי אַן אמת'ע מלחמה. די מוזיקאַנטען האָבען פאַר דער גאַנצער צייט ניט גע־

שפּיעלט און דאָס האָט זיי נאָך מעהר גערריקט און האָבען זיך געפיהלט ווי איבעריגע...

---

עס איז אנגעקומען דער לעצטער טאָג. שוב איז געלעגען אין זיין אייגענאויפגעבויטער פּאַלאַטקע מיט נאָך פיער אידען און געוואַרט אויף בעפעהלען... זיין וואַלדהאָרן איז געלעגען נעבען איהם א פערטריקענטע און פערשעהמטע. פּלוצים האָט ער דער־הערט, ווי דער דעזשורנע זיינער, אויך א איד, האָט גערופען פון די פּאַלאַטקעס.

— שטעלט זיך אוים מיט די איסטרומענטען... האָט ער מיט א ציטערדיגער שטימע זיי בעפוילען — עס איז מעגליך, אז מיר וועלען דאַרפען באַלד געהן שפּיעלען פאַר׳ן קייסער...

---

שוב איז שיער ניט אומגעפאַלען פאַר שרעק, אבער באַלד איז דאָס געפיהל פון שרעק פערשוואונדען און א געפיהל פון נצחון האָט איהם בעהערשט. הייסט עס, אז ווען מען דאַרף אמת׳ע גוטע מוזיקאַנטען, מוז מען אנקומען צו אונז... ער האָט זיין מיינונג ארויסגעזאָגט פאַר צאַרפינען, וואָס האָט שוין דאָס יאָהר געדאַרפט געהן א היים.

— ווי געפעלט דיר, צאַרפין, מיר וועלען שפּיעלען פאַר׳ן קייסער.

צאַרפין האָט לוסטיג געשמייכעלט און צוגעברומט:

— וואָס דען, זיי וועט מען שיקען ?...

באַלד איז געקומען פון זיין פּאַלאַטקע דער קאַפּעלמייס־טער, ער איז געווען זעהר פרעהליך, כאָטש שטאַרק אויפגע־רעגט :

— ברידער ! — האָט ער זיך פריינדליך געווענדעט צו זיי. — אויף אונזער אָרקעסטער איז אויסגעפאַלען דער גרוי־

סער כבוד צו שפּיעלען פאַר'ן קייסער. זייט גרייט און פער־
שעהמט ניט אייער בערוף...

און באַלד האָט ער זיך גענומען רעפּעטירען מיט דעם אָר־
קעסטער איינינע וויכטיגע זאַכען.

שוב האָט זיך דאָס מאָל מעהר ווי אימער געפלייסט, ניט
נאָר יעדער טאַקט, וואָס זיין בלאַט נאָטען האָט פערמאָגט האָט
ער געשפּיעלט מיט געפּיהל, אפילו די פּאַוזען האָט ער געקלאַפּט
מיט'ן פוס מיט גרויסער בעגייסטערונג:

— איינס, צוויי, דריי, זיעבען... צוועלף, הונדערט...

---

שוב איז געזעסען אין דעם גרויסען פּאַווילִיאָן אויף אָן
עסטראַדע און ניט געוואַגט זיך אומקוקען. ער האָט מורא געהאַט
אויפצוהויבען זיינע אויגען, ער זאָל זיך ניט בעגעגענען מיט'ן
צאַר'ס בליקען... דערצו האָט ער ניט געוואָלט, אז דער צאַר זאָל
דערקענען אין איהם זיין אידישקייט. איינגעגראָבען זיינע אויגען
אין דעם בלאַט נאָטען מיט די פּאַוזען, האָט ער געצעהלט זיי
מיט דער גרעסטער פּאַרזיכטיגקייט. געדאַכט האָט זיך איהם,
אז טאָמער מאַכט ער אַ פעהלער, וועט דער קייסער גלייך דער־
הערען.

שוב אָבער האָט אין דער מינוט באמת געוואָלט דעם קייי־
סער צופריעדענשטעלען.

און ווי עס האָט זיך ארויסגעוויזען, איז דער קייזער טאַקי
געוועזן צופריעדען. ווייל גלייך נאָכ'ן „אביעד" האָט זיך דער
קייסער אויפגעשטעלט און גלייך נאָך איהם דער אָרקעסטער און
אָבשפּיעלענדיג אַ צווייטען מאָל די הימן, האָט דער קייסער
הויך אויסגערופען:

— חאַראָשאָ, בראַטצי!

עס הייסט, אז דאָס שפּיעלען איז איהם געפעלען.

און דאָ האָט זיך שוין שוב ניִשט געקענט איינהאַלטען און

נעוואָרפען א בליק אין דער זייט וואו דער קייסער איז געשטאַנען.

אָבער אזוי ווי דער קייסער איז געוועזן ארומגערינגעלט פון א גרויסער סוויטע, האָט שוב ניט געקאָנט אונטערשיידען צווישען זיי און דעם קייסער.

קומענדיג פון די מאַנעווורעס צוריק אין שטאָדט אין דער קאַמאַנדע, האָט שוב זיך געזעצט שרייבען א היים א בריעף, וואו ער האָט געמאָלדען זיין טאַטען דעם סטאָליער, אז עס געהט איהם גאַנץ גוט; ער האָט געשפּיעלט יענע וואָך פאר׳ן קייסער און אזוי גוט געשפּיעלט, אז ער האָט בעקומען א „ספּאַסיבאָ“ און ווערליג מען רעדט אין „קאָמאַנדע“ ליגט פאר זיי אין פּאָל־קאָוואָיע קאָזנאַטשייסטווע צו רובעל אלס בעלוינונג...

# דער געפונענער נאמען.

זי איז געווען הערמאן'ס א גאר נאהענטע בעקאנטע. עס האט שוין געהאלטען שיער—שיער ביי ליעבעס ערקלעהרונג. ער האט אלץ אבגעלייגט אויף א מעהר פייערליכען מאמענט. נאר ס'האט זיך געטראפען עפעס א שטערעניש. ער האט איינ־מאל ניט געקענט קומען צו דער בעשטימטער צייט און נאכדעם האט ער גערעכענט, אז זי וועט בייז ווערען — און פון דער בע־קאנטשאפט האט זיך אויסגעלאזט א טייך.

אפט פלעגט ער זיך אן איהר דערמאהנען, געוואלט בענייען צוריק די פריינדשאפט. ער האט אבער ניט געפונען קיין גע־לעגענהייט. דערווייל זיינען די וואכען, שפעטער די מאנאטען פערגאנגען. אט איז שוין באלד א יאהר, אז ער האט זי ניט געזעהן.

נאר איינמאל, געהענדיג אזוי, אין גאס, האט ער זי גע־טראפען, א יונגע, א שעהנע, א שטאלצע...

דאס הארץ האט איהם אנגעהויבען שטארק צו קלאפען. ער האט דערפיהלט די בלאסקייט פון זיין פנים. צו בעקלערען: יא אבטעלען זי אדער ניט? — איז קיין צייט ניט געווען. אט איז ער שוין נעבען איהר.

— העללאו! — האט ער גלייך אויסגעשטרעקט די האנד. געוואלט אויסרופען איהר נאמען, אבער דא האט פאסירט איינע פון די גרעסטע הינדערניסע. ער האט פערגעסען איהר ערשטען נאמען. אך, עס האט זיך אזוי געפאסט אויסרופען איהר ערשטען נאמען. עס איז ווארימער, פריינדליכער און מיט'ן ערשטען נאמען געווינט מען גיכער דעם צוטרוי...

זי דאַנקען האָט נאָר נישט פֿערגעסען. האָט איהם אבגע־ענטפֿערט אויף דעם העללאָו מיט א פֿריינדליכען שמייכעלע:

— העללאָו, הערמאַן!

— העללאָו, העללאָו! וואָס מאכט איהר... און וועלענדיג אַנרופֿען איהר נאָמען האָט ער זיך אָנגעשטרענגט צו דערמאָה־נען איהם. „ראָזע"... ניין, „בערטהא"... ניין... „ליזא", ניין... „ראכעל", ניין... העללאָו... העללאָו!... ווי אזוי הייסט זי?...

האָט ער שוין געוואָלט מאכען א פשרה און רופֿען זי ביים צווייטען נאָמען: זי מוז דאָך האָבען א נאָמען... מען קען דאָך ניט רעדען מיט א נאָהענטער בעקאַנטער און ניט אַנרופֿען קיין איינציגען מאָל איהר נאָמען... זאָל זיין כאָטש דעם פֿאַמילי־נאָמען. ראבינאָוויטש, ניין... בערמאַן... ניין... „לוריע"... ניין „גאָלדמאַן"... ניין... „ביילין"... ניין... ניין! אַך, ווי הייסט זי...

— וואָס זייט איהר אזוי פֿערזאָרגט, הערמאַן?

— איך פֿערזאָרגט?... — האָט ער זיך דערשראָקען... ניין... אַך, דאָ האָט זיך ווידער אזוי געפּאַסט אַנצורופֿען איהר נאָמען: ניין, ליזא... אבער זי הייסט נישט ליזא... און אפשר יא... זאָל ער פּרואָווען!... אַך, טאָמער הייסט זי ניט אזוי, וועט זי דער־ווייל ערפֿאַהרען, אז ער האָט פֿערגעסען איהר נאָמען, ביידע נע־מען, דעם ערשטען און דעם צווייטען. עס איז א שאַנדע פֿאַר איהם און א בעליידיגונג פֿאַר איהר. אזוי, הייסט עס, געדענקט ער מיך!... ניין, אויסזאָגען איז געפֿעהרליך... ער מוז ביי איהר ארויסקריגען דעם נאָמען, דעם ערשטען אָדער דעם צווייטען...

— איהר זייט יא פֿערזאָרגט... — האָט זי איהם געפֿאָרשט און בעטראַכט זיין שטערען, וועלכען ער האָט געהאַלטען אין איין קנייטשען. וואָס איז מיט אייך, הערמאַן... עפּעס האָט מיט אייך פּאַסירט...

ער האָט איהר געוואָלט פֿערזיכערען, אז גאָר נישט... אין געגענטהייל, עס געהט איהם זעהר גוט... בלויז איין קלייניגקייט:

ער האָט פֿערגעסען איהר נאָמען: חאַשע? ניין, זעלדע? ניין... לעאָנאָרא?

— ניין.. אין גענצליכהייל, איך פֿיהל מיך גאַנץ גוט... האָט איהר מיך טאַקע געוואָלט זעהן?...

— געוויס, הערמאַן... — האָט זי זעהר פֿריינדליך געענט־פֿערט, כאָטש אייער וואָרט האָט איהר דעמאָלט ניט געהאַל־טען...

— אַ, גלויבט מיר... — האָט זיך הערמאַן גענומען פֿער־טהיידיגען... אבער ס'האָט זיך דאָ אַזוי געפּאַסט אָנצרופֿען איהר נאָמען. „פֿרידע?" ניין... „דבורה"? ניין... אַך, מיין גאָט ווי הייסט זי?... — אַ, גלויבט מיר, אַז איך האָב שטענדיג גע־טראַכט פֿון אייך...

— יאָ, איך גלויב אייך! — איז זי פֿערטרויליך געוואָ־רען... — מיר וועלען, הייסט עס, ווידער ווערען פֿריינד...

— געוויס, געוויס... — ע... אַך! איהר נאָמען! איהר נאָמען! אַזאַ נאָהענטע בעקאַנטע!... — געוויס, געוויס! ווילט איהר ערגעץ געהן...

— ליידער, הערמאַן, בין איך איצט פֿערנומען. אַ צווייטען מאָל... איך וועל אייך געבען מיין אַדרעס... וועט איהר מיר שרייבען ווען צו טרעפֿען זיך...

הערמאַן האָט זיך דערפֿרעהט: „איצט וועט ער הערגעהן איהר נאָמען: ער וועט זיך ראַטעווען, עס פּייניגט איהם אַזוי דאָס פֿערגעסען... גאָלדע? ניין! ציפּע?... אַך, ניין! אַט שרייבט זי שוין... באַלד וועט זי ערפֿאַהרען... ער וועט זי כאָטש ביים אוועקגאַנג קענען אָנרופֿען ביי'ן נאָמען...

זי האָט איהם דערלאַנגט די אַדרעס: הערמאַן האָט דורכ־געלאָפֿען מיט די אויגען דאָס צעטעלע: ניטאָ קיין נאָמען; בלויז די גאַס, די נומער פֿון הויז... עס הייסט, אַז זי איז זיכער אַז איהר נאָמען ווייס ער דאָך... אַ נאָהענטער בעקאַנטער... כמעט אַ געליעבטער...

— אייער אדרעס... — האָט ער געשמייכעלט, — 1753...

— יאָ... דער נומער פון הויז... פאַר מיר, — האָט זי געשמייכעלט...

— יאָ... פאַר אייך... איך ווייס... איך וועל אייך שרייבען...

אַ קאַלטער שווייס האָט איהם בעגאָסען: ווי אַזוי וועט ער איהר שרייבען? גאָט מיינער! איך וועל ווידער בלייבען אונ־פּינקטליך מיט איהר... זי איז אַזאַ ליעבע מיידעל...

זי האָט איהם אויסגעצווייגען די האַנד, ליעבליך געשמייכעלט און זיך גענומען זעגענען...

— הייסט עס, הערמאַן, אויף דאָס ניי...

— יאָ... יאָ... טעמע?... ניין! „נעמי“, ניין... „אסתר“, ניין... יאָ... אויף דאָס ניי... איך וועל אייך שרייבען... 1753... איך וועל אייך שרייבען... חנה ציפּעראָוויטש! ניין... יאָ, איך וועל אייך זיכער שרייבען.

— איך האָף, הערמאַן... איצט וועט איהר זיין פּינקטליכער...

— אַ יאָ... געוויס...

אַך, ווען ער קען אָנרופען איצט ביים זעגענען איהר נאָמען: „נעכע“... ניין — „שרה“... ניין, „רבקה“... ניין... לאה... ניין!

אָט איז זי שוין אוועק אין דער זייטיגער גאַס... ער וועט זי צוריק אָניאָגען און פרעגען; ער וועט זיך איהר מודה זיין, אַז זי האָט ער גוט געדענקט... די גאַנצע צייט געטראַכט פון איהר, אָבער דעם נאָמען האָט ער גראָד פערגעסען... זי וועט עס פערשטעהן...

אָבער עס איז געפעהרליך... זי וועט איהם חושד זיין, אַז ער האָט זי אפילו אין זינען ניט געהאַט... ווי אַזוי פערגעסט מען עס אַ נאָמען פון אַ נאָהענטער?... זי וועט זיך בעליידיגען... ניין, בעליידיגען וויל ער זי ניט... ער וועט איהר שרייבען... 1753.. עס

וועט ניט אנקומען.. ער וועט ווידער בלייבן ניט קיין ווארטס־מאן ביי איהר... זי וועט איהם ענדליך פערהאסען!

ער האט זיך געלאזט געהן צוריק, אין דער ריכטונג וואוהין זי איז אוועק. אפשר וועט ער איהר נאמען ארויסקריעגען... זי איז שוין אבער געווען צו ווייט. ווען ער זאל וויסען איהר נא־מען, וואלט ער הויך אויסגעשריען, און זי וואלט דערהערט... איצט מוז ער סיידען יאגען זי... יא. ער וועט זי יאגען...

אבער אניאגענדיג זי וועט ער דאך מוזען אנרופען זי ביים נאמען... ניין, ער וועט זי אנריהרען מיט דער האנד... זי וועט זיך דערשרעקען... זי וועט זיך ווענדען צו איהם... ער וועט זא־גען: הערט! עס וועט קלינגען אזוי קאלט... זי וועט בייז ווע־רען...

דאך האט ער זיך פערקירעוועט אין דער ריכטונג וואו זי איז אוועק, האט זיך געלאזען מיט שנעלע טריט, ער האט זי אנגעיאגט...

— ע... ע...

זי האט זיך אבגעקעהרט צו איהם:

— א, הערמאן... איהר ווילט מיר נאך עפעס זאגען...

— יא... אייער אדרעס... איך בעט אייך, שרייבט עפעס צו...

— וואס זאל איך אייך צושרייבען... עס איז דאך ריכטיג...

— יא... אבער... — האט הערמאן געשטאמעלט...

— וואס אבער...

— אייער נאמען..

— מיין נאמען, נו איהר ווייסט דען ניט מיין נאמען... אך, הערמאן. איהר זייט נאך אלץ א וויצלינג... גוט, איך וועל אייך צושרייבען מיין נאמען!...

— אייער נאמען! אייער נאמען! א, ער איז מיר אזוי טהייער! איך וויל איהם האבען אויפ'ן פאפיער...

זי איז געווארען געריהרט: ער האט זיווירקליך ליעב

און גערענקט זי גוט... יאָ, זי פּיהלט עס איצט... זי איז צוגע־גאַנצען צו א וואַנד, אויסגעשפּרייט דאָס צעטעלע און צוגע־שריעבען איהר נאָמען.

— אָ, העלענא! העלענא! העלענא! — האָט ער זיך צו־זונגען פון פרייד — איך דאַנק אייך, ליעבע העלענא... איהר האָט מיר גליקליך געמאַכט...

— מיט אַזאַ קלייניגקייט... — האָט העלענא געשמיי־כעלט פערגעניגט! עס פרעהט מיר זעהר...

— איך וועל דאָס צעטעלע מיט אייער נאָמען האַלטען טהייער. העלענא! העלענא!...

און צושיידענדיג זיך מיט איהר, אָנרופענדיג זי ביים נאָ־מען, האָט ער דאָס צעטעלע מיט'ן אדרעס בעהאַלטען צווישען די גויטינגסטע פּאַפּיערען, און ניט זייענדיג דאָך זיכער, אַז ער וועט עס ניט פערליערען, האָט ער געהענדיג דעם גאַנצען וועג גע'חזר'ט:

— העלענא! העלענא! העלענא!

און קיינמאָל איז איהם א נאָמען ניט אַזוי טהייער געווען, ווי דאָס מאָל!

# עס שאָקעלט זיך.

ביי נחמן, אַז אַרעמער בעל־הבית אין שטעדטעל, לעבט מען שטענדיג אין איין שרעק און ביי יעדער אַרבייט, ביי יעדער בעוועגונג שרייט מען דאָרט אין שטיבעל איינער צום אַנדערן: פּאַמעליך!

ביי נחמן׳ען עסט מען קיין מאָל רוהיג ניט אָב קיין ביסעל געקעכטס. ווייל ווי מען שטעלט אַוועק די שיסעל אויפ׳ן טיש, הויבט זיך דער טיש אָן צו שאָקלען. דאָס בעסטע ביסעל — די אויבערשטע — גיסט זיך אויס, און נאָך דעם מוז מען פּאַרזיכ־טיג עסען, סטאַרען זיך אַ צושטאַרקען ריהר ניט צו טהאָן דעם טיש, כּדי ניט אויסצוגיסען דאָס רעשט ביסעל געקעכטס.

אַז מען עסט אָב רוהיג אַהן אַ סבה דעם „וואַרמעס", פיהלט יעדערער פון הויז־געזינד אַז ש׳גרינגערונג און דאַנקט אין הער שטיל גאָט פאַר׳ן חסד, וואָס דער טיש האָט דאָס מאָל ניט גע־קאַפּריזעט.

ערגער איז אָבער מיט דער וועטשערע! וועטשערע עסט מען שוין ביים לאָמפּ און די שרעק ווערט אין צווייען. ווייל די גלאָז פון לאָמפּ, וועלכע מען האָט געקויפט אויף באָרג, איז מיט אַ נומער גרעסער און זי שאָקעלט זיך אום אויף דער מאַשינקע.

די פּאַרזיכטיגקייט ווערט גרעסער, און ווען איינער שרייט „פּאַמעליך, דער טיש!" מוז אַ צווייטער קומען צו הילף און שרייען: „פּאַמעליך — די גלאָז!" און אַמאָל אַז עס האַלט שמאָל, סיי דער טיש, סיי די גלאָז הויבען זיך אָן צו שאָקלען, שרייט מען צוזאַמען, נאָר פערקירצט: „די גלאָז, דער טיש".

און מען הערט אויף צו עסען. ביז מען בערוהיגט ניט די ביידע אונגאַרמאַלע הויז־ווירטהשאַפט.

נחמן און זיין הויזגעזינד האָבען שוין צום טיש און צום לאָמפּ איבערגעטהאָן פיעל סגולות. אונטער דער הינקעדיגער פיסעל האָט מען אַ ציעגעל אונטערגעלעגט, עס האָט אבער ניט געהאָלפען ווייל די פּאָדלאָגע איז ניט קיין גלייכע; די מאַשינ־קע פון לאָמפּ האָט מען מיט אַ פּאַפּיר ארומגעדרעהט, האָט עס געהאַלטען איין אָבענד און עס איז ווידער ברייט געוואָרען און זיך געגנומען שאַקלען ביז מען האָט זיך מיאש געווען, און עס איז געבליעבען אזוי.

און נאָך וועטשערע, אז מען ווערט שוין ווידער רוהיגער, הויבט זיך אָן אַ סדרה מיט די צוויי בעטען. זיי האָבען זיך קענ־טיג אָנגעשטעקט פון טיש און שאַקלען זיך שוין אויך עטליכע יאָהר. און אז מען לעגט זיך אין זיי אריין דאַכט זיך, אז אָט־אָט פאַלט מען פון זיי ארויס, און נאָר מיט ניסים שלאָפט מען איבער די נאַכט.

און אמאָל, אז דער ווינט איז דרויסען בלאָזט, שאַקעלט זיך ביי נחמן'ען די שויבען פון די פענסטער, די שינדלען פון דעם דאַך און דאָס גאַנצע שטיבעל, און דאמאָלס דאַכט זיך נחמנ'ען, אז אָט־אָט פאַלט אַלץ אין גאַנצען איין און ער וועט נאָר נישט האָבען: ניט קיין צובראָכענעם טישעל, ניט קיין גלאָז מיט אַ נומער גרעסער, ניט קיין בעטען וואָס שאַקלען זיך, און ניט קיין אַלט שטיבעל.

און נחמן לעבט אָב זיין גאַנצען לעבען אין שרעק, און זיין גאַנץ לעבען שאַקעלט זיך.

# די נקמה.

(אַ מעשה'לע)

אין אַ גרויס לאַנד, וואו עס האָט רעגיערט אַ בייזער הער־שער און אַלע זיינע עבֿדים ושרים האָבען געטהאָן דעם הער־שערס ווילען, דאָס הייסט — רשעות און רשעות — האָט גע־לעבט אַ נביא.

דער דאָזיגער נביא פלעגט אומגעהן איבער די גאַסען און מערק אין יעדער שטאָדט און פלעגט זאָגען מוסר און פלעגט ניט שוינען יונג און אַלט, אָרעם און רייך.

דאָס פאָלק פלעגט ניט שטענדיג הערען דעם דאָזיגען נביא'ס ווערטער. אַ גאַנצען טאָג האָט עס געאַרבייט אין די פעלדער, אין די געדיכטע וועלדער אָדער ביי די גרויסע און רייכע הארען; אויך האָט דאָס פאָלק ניט אַלע מאָל פערשטאַנען וואָס דער נביא רעדט און דאָס גרעסטע טהייל פון פאָלק פלעגט בעסער אין אַ פרייער מינוט אוועקגעהן אין שענק אריין אויס־טרינקען אַ גלעזעל בראַנפען, כדי צו פערגעסען די צרות און די קנעכטשאַפט אונטער וועלכע יעדער האָט זיך געפונען אין דעם דאָזיגען לאַנד.

נאָר דעם נביא האָט ניט שטאַרק געאַרט, וואָס דאָס פאָלק הערט איהם ניט. ער האָט סיי ווי סיי ניט דאָס פאָלק גע־מוסר'ט, נאָר די פיהרער פון פאָלק און די דאָזיגע פיהרער — פעראַירער — פלעגען זיינע ווערטער טרעפען ווי שאַרפע פיילען־בויגענס אין האַרץ אריין און זיי זיינען אויף איהם זעהר בייז געווען.

אָבער בייזער פאַר אַלע איז אויפ'ן נביא געווען איינער אַ גרויסער האַר. דעם דאָזיגען האַר האָט זיך שטענדיג געדוכט,

אז דאָס גאַנצע מוסר, וואָס דער נביא זאָגט איז אַנגעמאָסטען פּונקט פאַר איהם, ווייל יעדע זינד, וואָס דער נביא האָט אויס־גערעכענט איז אויף זיין נשמה געלעגען און ער האָט זיך גע־פּיהלט שרעקליך בעליידיגט און איהם זיינען ניט איינגעגאַנ־גען אַלע זיינע תענוגים: ניט די וויינען, ניט די וויבער, ניט די מוזיק, וואָס פלעגט פאַר איהם שפּיעלען און זיין גרימצאָרן האָט געפלאַקערט ווי א פלאַם־פייער און ער האָט שטענדיג געטראַכט וועגען עפּעס א שטאַרקע נקמה אין דעם הייליגען נביא.

נאָר שוואַך און פערשטאָפּט איז זיין קאָפּ געווען און ער האָט בשום אופן ניט געקענט דערקלערען קיין פּאַסיגע נקמה.

האָט ער זיך איינמאָל מישב געווען און זיך געווענדט צו א גרויסען חכם אין לאַנד און האָט איהם צוגעזאָגט א סך אוצרות מיט גאָלד, ער זאָל איהם זעהן אַן עצה געבען וואָס פאַר א נקמה ער זאָל נעמען אַן נביא.

— איך בין אויף איהם אַזוי בייז! אַזוי בייז! — האָט ער זיך געקלאָגט פאַר'ן חכם. גיב אַן עצה וואָס איך זאָל איהם אָבטהאָן. ווי מיינסטו גרויסער חכם, אפשר זאָל איך ביי איהם אַלע זיינע פעלדער און גיטער אָבנעמען און לאָזען איהם אויף דער וועלט אָרעם און נאַקעט, ווי אַן איינפאַכער פּויער.

און דער חכם האָט געענטפערט:

— די דאָזיגע נקמה איז שוין צו שפּעט, ווייל דער נביא האָט אַלע זיינע פעלדער און גיטער, וואָס ער האָט געהאָט בירושה, אָרעמע פּויערן פערטהיילט און פאַר זיך האָט ער נאָר־נישט איבערגעלאָזט.

— אפשר זאָל איך הייסען מיינע קנעכט זיי זאָלען חאַפּען איהם ערגעץ אין א ווינקעל און גוט אָנבערעכען איהם די ביינער?

דער חכם האָט געשמייכעלט און געענטפערט:

— ניין, גרויסער האַר. ניט קיין נקמה וועט עס זיין נאָר א טובה. דו ווייסט דאָך, אַז דער נביא וויל יסורים האָבען פאַר זיינע הייליגע ווערטער. וואָס ער רעדט אין גאָטס נאָמען. די

קלעפ — דאָס איז זיין שכר. און אנשטאָט נוקם זיין זיך — ווּעסטו איהם בעלויהנען.

— אפשר מאַכען אויף איהם א בלבול, אז ער איז א מורד במלכות און אין טורמע אריינטוואַרפען איהם? האָט דער האַר ווידער פאַרגעלעגט זיינע פּלענער.

— ווישדער ניט קיין נקמה, נאָר א טובה! — האָט דער חכם געשמייכעלט. צווישען די הונדערטער פער'משפט'ע אין טורמע, וועט ער זיך פיהלען ערשט גליקליך און פריי, ווייל די אונגליקליכע זיינען זיינע ברידער און חברים. אדרבא, פאַר איהם גרויסער האַר, איז אונזער גאַנצע לאַנד א טורמע.

דאָ האָט זיך דער האַר אַנגעבויגען און אויפ'ן אויער דעם חכם עפּעס איינגערוימט.

— דאָס איז אויך ניט קיין נקמה פאַר איהם. אַזוינע מענ־שען ווי אונזער נביא האָבען קיין מורא ניט פאַר'ן טויט. זיי, פערקעהרט, האַלטען זיך פאַר טויט בשעת זיי לעבען און פאַר לעבענדיגע — נאָכ'ן טויט.

דאָ איז דער האַר אין א העפטיגען צאָרן אריינגעבראַכט געוואָרען און האָט קריצענדיג מיט די צייהן און דריקענדיג מיט די פויסטען, אויסגעשריען:

— קלעהר עפּעס אויס פאַרט א נקמה! איך מוז מיך אין איהם נוקם זיין! איך קען ניט רוהען! ער איז מיין גרעסטער שונא!

דער חכם האָט רוהיג געשמייכעלט און געענטפערט:

— בערוהיג זיך גרויסער האַר. איך האָב אן עצה, ווי אזוי זאָלסט זיך אין איהם נוקם זיין, אז ער זאָל פיהלען שטאַרק און טיעף די נקמה.

אנגעצונדען מיט א בייזער שמחה האָבען זיך די סאַרע אויגען פון האַר און ער האָט אויסגעשריען:

— ניכער, זאָג — ווי אזוי?

און דער חכם האָט געענטפערט:

— אויב דו ווילסט ווירקליך זיך נוקם זיין אין נביא, מוז־
סטו מיט איהם שלום ווערען, ווערען זיינער א פריינד און ליבען
איהם און ריהמען איהם און גרויסען איהם. ווארום קיין ערגערס
איז ניטא פאר א נביא ווען עם ווערען מיט איהם שלום אזוינע
מענשען ווי דו!...

# די לבנה.

איינמאל גנהט חייקעל דער קירזשנער ארוים איינם א זיי־נער ביינאכט אויפ'ן הויף און ער ווערט מאדנע פערוואונדערט. עפעס אין דרויסען איז ליכטיג, פונקט ווי עס וואלט שוין טאג געווען און פון די הייזער ליגען אויסגעצויגען גרויסע, ברייטע שאטענס אזוי רוהיג און שטיל, אבער מיט עפעס א גאוה; און זיין שאטען אליין איז אויך אזא מאדנער גרויסער, א לאנגער און א דיקער, פונקט ווי ער וואלט אין דער אמת'ן טאקע א מענש געווען... עס זאל שוין זיין „גרויסער טאג" קען ניט זיין: אויפ'ן גאס איז אזוי מאדנע שטיל, אז ער הערט זיין אייגענעם אטעם, די לאדען פון די הייזער זיינען אומעטום פערמאכט, און אט הערט ער אפילו די קאלאקאטקע פון נאכט־וועכטער. וואס־זשע בעדייט דאס אזא מין ליכטיגקייט!

ער ווארפט די אויגען אויף אלע זייטען, ווי ער וואלט גע־זוכט יענעם לאמפ, וואס האט אזוי ליכטיג געמאכט די נאכט. ענדליך הויבט ער אויף די אויגען צום ריינעם הימעל, וועלכער איז נאר וואו ניט וואו בעשפרינקעלט מיט קליינע ווייסע וואל־קענדלעך, און ער דערזעהט אין דער מיט א קיילעכדיגע ליכטיגע רעדעלע, אזוי קיילעכדיג און אבגעטאקט, פונקט ווי א שטיקעל סחורה אויף א דעקע צו א היטעל... דאס דאזיגע שטיקעל קיי־לעכדיגע איז איהם מאדנע בעקאנט, ער האט עס אמאל ערגעץ געזעהען... „מאדנע בעקאנט, ווארט לאמיך זיך אקארשט דער־מאנען"...

אלערליי עראינדערונגען פון זיין יוגענד הויבען אן ווי פון א נעבעל ארויסגעהן פון איהם, טאנצען און שפרינגען פאר איהם, און פלוצלונג דערמאנט ער זיך דעם חדר, דאס געהען ביי נאכט

אהיים, די ליעדלעך „ארוני מלך", „היי, היי העמריל": דער־נאכדעם דערמאנט ער זיך דעם בית־המדרש: אידען דאווענען מעריב, נאך מעריב געהען אידען, א סך אידען ארויס פון די בתי־מדרשים. נאר נישט אהיים געהט מען; מען שטעלט זיך אויס אין א רעדעל אויפ'ן שול־הויף און מען הויבט אן ווידער דאווענען.

— אוי, דאס איז דאך די לבנה! — גיט זיך חייקעל א חאפ, ווי ער וואלט זיך דערמאנט אן אן אלטער שעהנער מעשה, וואס ער האט אין חדר אמאל בין בנחה למעריב געהערט... און זיין הארץ שפרינגט שיער ארויס פאר שמחה.

— די לבנה, ווי איך בין א איד, די לבנה! — שרייט ער אויס הויך אויפ'ן קול. אוי, אוי, אוי! ווי לאנג איך האב זי ניט געזעהען, זינט איך ארבייט... קוים־קוים, זי דערקענט... אז ביי טאג ארבייט מען און ביי נאכט שלאפט מען, ברוך־השם— פערענטפערט ער זיך...

און ער הויבט אן צו בעטראכטען די אלטע בעקאנטע, אויף וועלכער ער פלעגט קינדווייז אזוי ליעב האבען צו קוקען, דער הויפט אויף דער נאז, אויף די צוויי אויגען... ער הויבט אן יעצט זוכען די נאז מיט די אויגען, אבער — ניטא.

ער ווערט מאדנע איבערראשט. ער קאן שווערען, אז אמאל האט די לבנה געהאט א נאז מיט צוויי אויגען. ער גערענקט דען נישט, וואס?... וואו זשע איז עס אהינגעקומען?...

ער שטרענגט אן די בליקען און זוכט. די לבנה, א קיילעכ־דיגע און א ריינע שווימט זיך רוהיג, דאכט זיך מיט א שמייכעלע, אבער קיין נאז און קיין אויגען — ניטא...

חייקעל דארף געהן שלאפען צוריק, א גאנצען טאג האט ער שווער געארבייט און היינט דארף מען טאקי פריה אויפשטעהן, נאר עס פערדריסט איהם, פאר וואס זאל ער דאס גלאט ניט געפינען די נאז מיט די אויגען... כאטש די נאז אליין, און אפשר איז דאס גאר נישט די לבנה?

פֿאַר דעם געדאַנק דערשרעקט ער זיך צוליעב צוויי זאַ־כען: ערשטענס, אויב דאָס איז ניט די לבנה, טאָ וואָס־זשע איז דאָס? און צווייטענס, ווי איז דאָס מעגליך, אַז אַ מענש זאָל ניט וויסען, וואָס יאָ לבנה און וואָס ניט... אַז אין מאַסטער־סקאַיאַ וואָלט מען זיך דערוויסען, וואָלט מען דאָך איהם גע־מאַכט פֿאַר אַ משוגענעם.

ער קוקט אויפֿמערקזאַם אַרויף אין דער הויך און זוכט... נאָר אויסער דער איין לבנה און עטליכע ווייסינקע וואָלקענדלעך איז גאָר נישטאָ.

אויב אַזוי איז דאָס טאַקע די לבנה! אייגענטליך איז זי די זעלבע ווי אַלע מאָל, ער וואָלט זי דערקענט אפֿילו, ווי מען זאָגט, אין אַבגעשונדענע...

נאַרישקייטען! ער ווייס דען ניט וואָס אַ לבנה איז?... ווער ווייס דען ניט?

ער ווערט שוין זיכער, אַז דאָס איז די לבנה. און דער־פֿיהלענדיג, ווי די אויגען קלעפּען זיך איהם, וויל ער שוין געהן צוריק שלאָפֿען. נאָר פּלוצלונג גיט איהם ווידער אַ קלאַפּ אין קאָפּ: וואו איז אָבער פֿאַרט דער לבנה'ס נאָז, מיט די צוויי אויגען? אַז ער געדענקט אויף קלאָר, אַז אַמאָל האָט זי געהאַט אַ נאָז מיט צוויי אויגען...

ער הויבט זיך אָן אויף אַן אמת צו בעאונרוהיגען. עס אַרט איהם ניט אַזוי, וואָס די לבנה האָט פֿערלוירען די נאָז מיט די אויגען, ווי עס אַרט איהם דאָס, וואָס ער ווייס ניט ווי אַזוי איז דאָס אָהינגעקומען...

קען דאָס זיין, אַז פֿאַר דער לאַנגער צייט, וואָס ער האָט זי ניט געזעהען, האָט זי זיך געביטען...

ער מוז דאָס דערגנעהן. פֿרעגען וועט ער ניט, מען וועט געוויס לאַכען, אָבער ער קען דאָס דערגעהן אין דעם ביכעל „אַ וועלט מיט וועלטעלעך"... דאָרטען שטעהט פֿון דער זון און פֿון דער לבנה און פֿון אַלץ... אַ שאָד, וואָס שבת לייענט ער אַלץ

די פּאָליטישע ביכלעך, און פון אנדערע זאכען הויבט ער ניט אָן צו וויסען... אין „א וועלט מיט וועלטעלעך“, גערענקט ער, רעדט זיך דערפון. ער האָט דאָס אמאָל געלייענט — נאָר ער האָט אינגאנצען פערגעסען...

# פראַגמענטען.

## 1.

### זיי און ער.

אויף די בעל־בתים, ביי וועמען הערמאַן האָט געוואָהנט אין אַ קליין זייטיג צימער'ל, האָט ער געקוקט מיט פעראַכטונג.

— בעל־בתים! — פלעגט ער שטענדיג אַ ברום טהאָן, בע־גענענדיג זיך מיט זיי.

טיעף אין הארצען אבער, אליין ניט וויסענדיג פון דעם געפיהל, האָט ער זיי געאַכט.

— דאָס זיינען מענשען! — פלעגט ער, אַראָבפאַלענדיג ביי זיך, אַמאָל אַ מורמעל טהאָן.

זיי זיינען שוין אַלט איבער פופציג יאָהר, און דאָך זיי־נען נאָך זייערע פנים'ער פריש, די אויגען העל און קוקען זיכער אויף אַלץ און אויף אַלעם, אפילו די נעזער זייערע קוקען אויס אַזוי פעסט אַריינגעזעצט, ווי איינגעפונדרעוועט אין די פנים'ער. „איינגעפונדרעוועטע!"

דורכגעהענדיג אַמאָל די קיך, פלעגט זיין אויג פאַלען אויף די שווערע קופערנע כלים, פאַנען, טעפּ, שטויסלען און אַנדער־רע חפצים, מיט וועלכע די וואַנד זיינען געווען אויסגעהאַנגען און איהם פלעגט זיך דאַכטען, אַז זיינע בעל־בתים זיינען אויך אַזוי שטאַרק, פעסט, ווי אַט די קופערנע כלים.

היינט דער קאַסטען, דער גרויסער קאַסטען אין קיך מיט די אייזערנע רייפען: ווי שווער ער איז, ווי פעסט, ווי איינגע־פונדרעוועט! היינט דער טיש אין מיטען שטוב! ווי פעסט ער שטעהט — אייזען!

און א געשעפט האבען זיי אויף א גרויסען, זיי האלטען די שטאדט־מיהל, וועלכע גיט שעהנע פרנסה. אויסדינגען קען זי קיינער ניט, זיי האבען א קאנטראקט אויף דרייסיג יאהר! איינגעפונדעוועט!

היינט די אמונה זייערע! — ווי זיכער זיי זיינען אין גאט, אין ניהנם, אין גן־עדן!

און ער וויים ניט, וואס מיט איהם וועט מארגען זיין! עס קען זיין, אז מארגען ווארפען איהם אפ די איינגעפונדעוועטע לייט פון זיין צימער׳ל ארוים. ער קען זיך אפילו אויף איין חודש מיט א דירה ניט איינפונדעווען. ער און אלץ, וואס ער האט, הענגט אין דער לופט.

אפילו די פאר ביכלעך, וואס ער האט, וואס זיינען כלומר׳שט זיין גאנץ לעבען, זיינען ניט איינגעבונדען, איינציגע בלעטלעך, זיי צופאלען, צושיטען זיך... אפילו זיין פאספארט איז אלט, צעריסען, צוקנייטשט, צופאלט...

אפילו די פאר אידעען, וואס ער האט אין קאפ, זיינען נים איינגעפונדעוועט. ביי דער מינדסטער בעוועגונג פון דער נשמה ווערט פון זיי רויך, גאר נישט, און ער בלייבט א פער־צווייפעלטער...

ער האט גאר ניט איינגעפונדעוועטעס...

2.

## ד ע ר מ ש כ ו ן.

מיין חבר יאנקעל, וואו איז ער איצטער? צו איז ער פאר זיין גוטסקייט פערלוירען געגאנגען?

יא, ער איז א גוטער געוועזען! זיין גוטסקייט האט דער־גרייכט יענע שטופע, ביי וועלכע מען קאן שוין ווייטער נים געהן — די שטופע דערגרייכט דעם הימעל און קומענדיג צו איהר, קאן מען שוין מעהר אויף דער ערד ניט לעבען...

און איך זעה איהם שוין מעהר ניט !...

נאָר ווען עס טרעפט מיט מיר אַמאָל, אַז איך הויב אָן זוכען דעם גוטען מענשען צווישען די טויזענדער, דאַן זעה איך איהם, שטעהענדיג פאַר מיינע אויגען, און איך צווייפעל, צו וועל איך צווישען אַנדערע טויזענד געפינען נאָך איינעם, ווי ער....

---

עס איז ווינטער געוועזן : דער פראָסט האָט געברענט. שנעל האָב איך געשפּאַנט איבער די גרויסע רוישענדע גאַסען. איך האָב זיך אויף קיינעם פון די פערבייגעהענדע נישט אומגעקוקט, טאָמער בעגעגען איך אַ בעקאַנטען און וועל דאַרפען אַרויסנעהמען די האַנד פון טאַש, אום זיך צו גריסען. און דאַמאָלס האָב איך מיין חבר בעגעגענט און, ניט ווילענדיג, האָב איך זיך אָבגעשטעלט; ער האָט זעהר קאָמיש אויסגעזעהען. אויפ'ן פּלייצע האָט ער געטראָגען אַ גרויסען פּאַק. געגאַנגען איז ער אָהן אַ היטעל און איהם איז נאָכגעגאַנגען אַ קליין אָבגעריסען אינגעלע און האָט פון איהם די אויגען נישט אַראָבגענומען.

— יאַנקעל, וואָס איז דאָס ?

— געה, געה, שפּעטער וועל איך דיר דערצעהלען.

און שפּעטער האָט ער מיט אַמ וואָס דערצעהלט :

— אַ נאַריש אינגעל, פערשטעהסט... געהט אין גאַס, פערשטעהסט, און טראָגט אַזאַ שווערען פּאַק... איך זעה, עס איז ניט נאָך זיינע כחות, עס פאַלט אונטער איהם, אַ קינד פון 12 יאָהר, פערשטעהסט, און דאַרף שוין האָרעווען... איך געה, ווייסט דאָך, אין לעדיגען, זאָג איך איהם : ווייז מיר, אינגעלע, דעם פּאַק, איך וועל דיר העלפען אונטערטראָגען, וויל ער ניט... ד. ה. וועלען וויל ער זעהר, נאָר ער האָט מורא, פערשטעהסט, איך זאָל מיט'ן פּאַק ניט ענטלויפען... פערשטעהסט, מיינע בגדים זיינען איהם נישט געפעלען... איך פערזיכער איהם, ער גלויבט

ניט. „ווייסטו נאר וואס, איינגעלע, פאל איך אויף אן המצאה, איך וועל דיר עפעס געבען פאר א משכון. איך דערמאהן זיך אבער, אז איך האב ביי זיך גאר נישט... מילא, פערפאלען, זאל ער טראגען אליין, וואס קאן איך איהם העלפען. איך זעה אבער, ער נעהמט עס אויפ'ן פלייצע און ער פאלט... מילא, וואס האב איך געזאלט טהאן? איך האב איהם דאס היטעל פאר א משכון געגעבען...

— און איך האב געמיינט, אז דו האסט זיך מיט עמיצען גע־שלאגען, און מען האט ביי דיר דאס היטעל אראבגעכאפט — האב איך לאכענדיג געזאגט.

— ניין, ברודער, — האט ער זיך ווי דערשראקען, שלאגען שלאג איך זיך ניט, למאי זאל מען זיך שלאגען?...

---

3.

## „ג י ט א י ן פ ו ם".

אמאל איז ערגעץ וואו אין א רעגימענט געוועזן א סאל־דאט. דער דאזיגער סאלדאט איז געוועזן טריי און בראוו, גע־פאלט אלץ וואס די עלטסטע האבען איהם געזאגט און גע־לעהרענט. די שוועריגקייטען וואס עס קומט אויס דורכטרא־גען ביי דיענען אין דער ארמעע, האט ער אנגענומען פאר ליעב, ווי א פילאזאף, וואס נעהמט אן פאר גוט יעדע אונפער־מיידליכע שלעכטס אויף דער וועלט. האט אבער דער דאזיגער סאלדאט געהאט א מאדנע אייגענשאפט, וואס האט איהם פערשאפט פיעל צרות. ער האט נעמליך געהאט זעהר א שארפען חוש פון הערען. אט צוליעב דעם דאזיגען פערשפיצטען געהער זיינעם האט ער געמוזט אויסשטעהן שפאט, שאנד, און אמאל פשוט קלעפ פון די עלטסטע און פיהרער.

יעדער ווייס, אז סאָלדאַטען מוזען מאַרשירען אלע אין פוס. דאָס הייסט ביי'ן ארויסגעהן מוזען די טויזענדער געהן ווי איינער. צום אָנפאַנג וואַרפט מען ארויס דעם לינקען פוס, נאָכדעם דעם רעכטען, און אזוי געהט מען שוין דעם גאַנצען וועג: איינם צוויי... איינס... צוויי. אונזער סאָלדאַט וואָלט אודאי אויך געוואָלט געהן גלייך מיט אלע. האָט ער אבער ניט געקענט זיין קיין פאַלשער, ווייל נאָך זיין געהער איז אויסגע־קומען, אז ע ר געהט ריכטיג און די איבעריגע טויזענדער געהען פאַלש. זיין נישט גלייך געהן מיט אלע האָט געשטאַמט דערפון, וואָס, ווי געזאָגט, זיין געהער איז געווען זעהר שאַרף און ווי דער קאָמאַנדיר האָט אויסגערופען: מאַרש! האָט ער עס דער ערשטער דערהערט און גלייך „ארויסגעוואָרפען" דעם לינקען פוס. די איבעריגע אבער האָבען דעם דאָזיגען אויסרוף: „מאַרש!" דערהערט מיט א סעקונדע שפּעטער, איז אויסגעקו־מען אז ער דער איינציגער פלעגט געהן שטענדיג ניט אין פוס.

פלעגט אונטערלויפען אין מיטען מאַרשירען איינער פון די עלטסטע, א קלאַפּ טהאָן דעם דאָזיגען „ניט־פּוסיגען" סאָלדאַט אין פוס און זיך צובייזערן:

— העי, דו, אידיאָט! ווי אזוי מאַרשירסטו: איינס צוויי... איינס, צוויי.. מיט דער לינקער... שנעל! בייט איבער!...

א ברירה האָט ער געהאַט און געמוזט פאָלגען, אבער אין האַרצען האָט ער שטאַרק פּראָטעסטירט:

— א י ך בין גערעכט... איך געה ריכטיג, און זיי געהען פאַלש...

זיין טעאָרי האָט ער איינמאָל אויסגעלעגט פאַר א צווייטען סאָלדאַט, ווען יענער האָט פון איהם, נאָכ'ן מאַרשירען, חוזק געמאַכט.

— פערשטעהסט... איך בין ניט שולדיג... איך געה ריכ־טיג...

— ווי אזוי געהסטו ריכטיג — האָט דער צווייטער גע־

שמייכעלט — אז ווען אלע געהען מיט דער רעכטער געהסטו מיט דער לינקער און פערקעהרט.

— דאס איז דערפאר, מיין פריינד, ווייל איך דערהער גלייך דעם קאמאנדירס מאַרש... איך מאך דעם ערשטען טריט ריכטיג, איהר אבער זיינט טויב און דעם מארש דערהערט איהר שפּעטער ווי איך, קומט אויס אז איהר געהט אלע גלייך און איך ניט, אבער איך ווייס דאך, אז רעכט האב א י ך...

דער חבר האט איהם אנגעקוקט מיט חוזק און זיך אנגע־רופען:

— הייסט עס, אז דו ביזט דער חכם און מיר די טויזענ־דער זיינען די אידיאטען...

— אזוי מיין איך מאנכעסמאל — האט דער איינער שוואך, אבער מיט גלויבען אין זיין גערעכטיגקייט געענטפערט.

— אויב אזוי — איז דער צווייטער בייז געוואָרען — וועט מען דיך אוועקשיקען אין וואיענעם דול־הויז... דאָרטען וועסטו מארשירען לויט דיין טעאָרי...

דער איינער האט זיך פערטראַכט און זיך דאך ניט אונטער־געגעבען; און איז געגאנגען ניט „אין פוס".

---

4.

## וואו איז די גערעכטיגקייט.

מיין פריינד האט זיך געכאפּט, אז אויף דער וועלט איז מעהר ניטא קיין גערעכטיגקייט. וואו איז זי פערפאלען געוואָ־רען? ער האט זי געזוכט און געזוכט און ניט געפונען. ער איז געוואָרען שטארק פערצווייפעלט, האט זיך פערשפּארט ענדליך אין דער היים און גענומען זוכען א מיטעל, ווי אזוי צו געפינען די גערעכטיגקייט און אוועקזעצען זי צוריק אויף איהר טראָן.

טראַכטענדיג אַזוי וועגען דעם האָט ער ענדליך געפונען אַ וועג: ער וועט אַרויסגעבען אַ זשורנאַל און דער דאָזיגער זשור־נאַל וועט טראָגען דעם מיטעל: די גערעכטיגקייט.

ער איז געוואָרען בעגייסטערט פון דער אידעע. ער איז זיכער געווען, אַז דער דאָזיגער זשורנאַל וועט צוריק אומקערע־רען די גערעכטיגקייט אויף דער וועלט.

מיין פריינד איז געווען אַ מענש מיט אַ שטאַרקען ווילען. האָט ער וואָס פאַרגענומען אין געדאַנק, האָט ער עס געמוזט אַרויסבריינגען אין דער ווירקליכקייט.

אין אַ חודש אַרום האָט די גערעכטיגקייט שוין געזאָלט ערשיינען.

איך בין צו איהם אַריין.

אין זיין אַרבייטס־צימער איז ער געזעסען און געבען איהם איז געשטאַנען זיין יונגע פרוי.

זי האָט גע'טענה'ט:

— דו ביזט דאָך שוין דריי טעג און נעכט ניט געווען אין דער היים. מיר איז אומעטיג... דאָס קינד בענקט אויך. וואו איז די גערעכטיגקייט?...

שפּעטער איז אַריין אַ יונגערמאַן. ער האָט ניט געזאָגט קיין גוט־מאָרגען, האָט בייז אָנגעקוקט דעם חבר מיינעם און גענו־מען טענה'ן:

— הערט, יונגערמאַן, איהר האָט ביי מיר געבאָרגט אויף צוויי טעג אַ סומע געלד אַרויסצוגעבען דאָרט אייער נאַרישען זשורנאַל, און אָט איז שוין באַלד אַ חודש און איהר האָט נאָך נישט בעצאָהלט. וואו איז די גערעכטיגקייט?

באַלד איז אַריין אַ דריטער:

— הערר רעדאַקטאָר, איך האָב אייך מיט צוויי וואָכען צוריק געבראַכט אַ מאַנוסקריפּט, איהר האָט צוגעזאָגט מיר גע־בען אַן ענטפער אין פערלויף פון דריי טעג... אָט איז שוין צוויי וואָכען און איהר ענטפערט ניט... איך האָב דעם מאַנוסקריפּט

שוין לאנג געקענט פערקויפען. פרעג איך אייך: וואו איז די גערעכטיגקייט?

שפעטער איז געקומען דער קארעקטאר און גע'טענה'ט:

— אבער האט איהר אנגעמאכט נייע בעמערקונגען אויף די אבגעזעצטע בויגענס... וואס מיינט איהר — איך האב צייט אזוי פיעל צו ענדערן!... איך קען ניט בלענדען די אויגען אויף אייערע גרייזען דארטען... וואו איז די גערעכטיגקייט?

באלד איז געקומען נאך אייגער, דאס איז געווען אן אגענט:

— הערי, הערר רעדאקטאר... איך האב אייך בעצאהלט פאראויס פאר דרייסיג אבאנענטען... דער זשורנאל איז נאך ניטא... וואו איז די גערעכטיגקייט?

דא איז דער רעדאקטאר צוטומעלט געווארען, זיך אויפגע־שטעלט און אויסגערופען:

— מיינע פריינד, די גערעכטיגקייט וועט ערשיינען אין צוויי טויזענד עקזעמפליארען, עס וועט זיין פאר אלע...

איך האב מיט מיטלייד אנגעקוקט מיין חבר, בעטראכט זיין קאמיש־תמימות'דיגען גלויבען און איהם פערלאזט, מורמלענדיג פאר זיך:

די גערעכטיגקייט וועט דאך ענדליך ערשיינען אין צוויי טויזענד שטיק...

ענדליך וועט זי ערשיינען...

# דער רויבער.

(ניו־יאָרקער בילד)

די סטאָר איז געווען א לאַנגע און א שמאָלע. סחורות האָט זי געהאַט פון א „פאָרווערטס“ און א „דזשורנאַל“ ביז אכט שטיקלעך קענדי פאַר א י י ן פעני.

איך פלעג דאָרט קויפען א „פאָרווערטס“ און סיגארעטס. צוליעב דער דאָזיגער סטאָר האָב איך איינגעשפּאָרט עטליכע פענים א טאָג, א דאנק דעם, וואָס די בעסערע סאָרט סיגארעטען זיינען דאָרט ניט געווען צו קריגען און איך האָב געמוזט צוליעב מיין טריישאפט צו די אייגענטימער פון סטאָר רויכערען א ביליגען און ערגערען סאָרט, אבי איך זאָל האָבען די געלעגענהייט אין דער פריה, געהענדיג צו מיין בעשעפטיגונג און פארנאכט, געהענדיג צוריק פון דער בעשעפטיגונג — אריינגעהן צו זיי און פערווײלען א פאָר מינוט מיט איינעם פון די ליעבע מענשען, וואָס האָבען די דאָזיגע סטאָר געהאַלטען.

איך האָב ליעב געהאַט די מוטער פאַר איהר פיינקייט און עכט אידישע ערעלקייט. אויף איהר גוטען פערעלטערטען פנים זיינען געלעגען פיינע גוטמוטיגע קנייטשען, ווי געמאכט בכיון, עס זאָל צוגעבען איהר פנים מעהר גוטסקייט און טרויער; איך האָב ליעב געהאַט איהר עלטערע 19־יעהריגע טאָכטער פאַר איהר בעמיהען זיך צו רעדען מיט מיר אידיש, וואָס עס איז איהר ניט זעהר לייכט אַנגעקומען, א דאנק דעם, וואָס זי איז דאָ געבוירען געוואָרען.

און אפילו אז איך פלעג אמאָל טרעפען אין סטאָר דאָס אנגענעהמע קינד, א אינגעלע פון א יאָהר צוועלף, בין איך געווען

גליקליך. עס איז געווען א וואויל טייער באַיטשיקעל, מיט לע־בעדיגע אויגען און מיט זעהר זשיוואווע בעוועגונגען.

— יו וואָנט פּאָרוועריטס ?

— סיגארעטען...

פלעגט ער ארויפקריכען אויפ׳ן בופעט, זיך אוועקשטעלען און זוכען אויף די פּאָליצעס יענעם סאָרט וועלכען איך האָב געפּאָדערט און געפינענדיג, א גליקליכער מיר דערלאַנגען.

— דו ביזט א ביזנעס־מאַן ! — פלעג איך איהם ריהמען.

פון דעם דאָזיגען קאָמפּלימענט האָט ער גאָר אַנגעקוואָלען, און אז די מוטער פלעגט אַנקומען פון וואָהנונג, וועלכע האָט זיך געצויגען ערגעץ פון א זייטיגער טהיר דורכ׳ן סטאָר, פלעג איך מיין קאָמפּלימענט פערגרעסערען :

— אָ, אייער באַיטשיקעל איז גאָר א כוואַט !

די מוטער פלעגט אַנקוועלען און ענטפערען :

— יע, ער איז גראַד א גוטער באָי, ער ארבייט נעביך שווער : געהט אין סקוהל און אין תלמוד תורה און אז איך און מיין מיידעל זיינען פערנומען, העלפט ער צו אויך אין סטאָר...

וואָס ווייטער ביו איך מיט דער דאָזיגער ליעבער אָרימער פאַמיליע מעהר נאָהענט געוואָרען, זיך געפיהלט צו טהאָן פאַר זיי עפּעס, אבער זייער שטאָלץ און פאַרנעהמעם האַלטען זיך האָט מיר ניט דערלאָזט. דאָס איינציגע וואָס איך האָב געקענט טהאָן איז קויפען זונטאַג אָן איבריגען ענגלישען סאַנדוויי פּייפּער און אמאָל סתם עפּעס א זאַך, וואָס איך האָב ניט גע־ברויכט, נאָר גלאַט אזוי, געבען צו לייזען די דאָזיגע גוטע מענ־שען, וועלכע האָבען שווער געאַרבייט פּאַר זייער עקזיסטענץ און זיינען געווען פול מיט לעבען, ליעבע און ענערגיע צום קאַמפּף פאַר׳ן לעבען...

אָפט האָט זיך מיר געדאַכט, אז זיי דאַרפען זיין ניט זעהר אָרים. די טאָכטער ארבייט און פערדיענט ביי א צעהן דאָלאַר א וואָך. די מוטער לייזט אין סטאָר גאָר ניט שלעכט. דער געגענד

האט געהאט אין דער נאכבארשאפט א גרויסע סקוהל און אוי־סער קענדי האט די סטאר אויך פערמעגט פאפיער, טינט און פע־דערם...

און דאך, געגוי בעקאנט ווערענדיג מיט דער דאזיגער קליי־נער און ריהרעוודינער פאמיליע, האב איך דערזעהן די ארימ־קייט אין איהר גאנצער נאקעטקייט. די צוויי צימערען מיט דער קיך, פון וועלכע די וואהנונג היגטערן סטאר איז בעשטאנען, איז געווען ארים מעבלירט. די פענסטער האבען ארויסגעקוקט אין אן ענגען שמאלען רוף, וואו עס האבען זיך געטריקענט און גע־פלאטערט וועש פון פערשיעדענע מינים און האבען דאס ארימע פאנאראמע נאך דייטליכער און בולט'ער געמאכט.

די טאכטער פערדיענט און די סטאר טראגט אודאי אריין א געוויסען פראפיט און דאך, ווי ארים די דאזיגע ליעבע מענ־שען לעבען!

האט זיך מיר גענומען דאכטען, אז זיי זאמלען געלד.

יא, געוויס זאמלען זיי געלד... א מיידעל אין הויז מוז דאך פריהער אדער שפעטער חתונה האבען. איך בין זיכער, אז עס איז שוין אנגעזאמעלט פאר איהר ערגיץ שווערע הונדערטער.

---

איינמאל, אין א טאג, ווען איך בין געווען פריי, בין איך אריין אין דער דאזיגער סטאר א זייגער צוועלף בייטאג. נעבען טראטואר פון הויז, וואו די סטאר האט זיך געפונען, איז גע־שטאנען א שעהנער קערידזש, מיט א שעהנעם שטאלצען פערד. אין קערעדזש איז געזעסען אן אלטער דיקער מאן און מיט פערגליווערטע אויגען געקוקט ערגיץ און געווארט.

איך האב מיך מיט דער דאזיגער ערשיינונג פעראינטע־רעסירט.

— ווער איז דער מאן אין קערידזש? — האב איך גע־פרעגט די סטאר־קיפערין, וועלכע איז געווען פערנומען אין צעה־לען פאפיערענע געלד.

„...איינס, צוויי, זיבען, ניין, צוואנציג, פינף און צוואנ־ציג... דאָס איז דער לענדלאָרד, זיבען און צוואנציג, היינט איז דער ערשטער, גיין און צוואנציג, יעדען ערשטען קומט ער צו־פאָהרען, דרייסיג... אַט, פונקט ווי א זייגער, פינף און דרייסיג... יעדען ערשטען נעהמט ער צו ביז א פעני, זיבען און דריי־סיג... דאָס בלוט צאפּט ער אויס... זיבען און דרייסיג... אפשר האָט איהר ביז מאָרגען דריי דאָלאר...

איך האָב שנעל ארויסגעכאפּט דריי דאָלאר און דערלאנגט דער פרוי.

זי האָ עס צוגענומען מיט א ליידענדען שמייכעל. א זיפץ געטהאָן און זיך אָנגערופען:

— אַט אזוי ארבייטען מיר אלע פאר דעם דאָזיגען קריי־פּעל....

— א קריפּעל?

— געוויס. — האָט די פרוי געקרעכצט ווי מיט רחמנות... ער קען זיך א פּנים דען ריהרען?... שוין יאָהרען, אז ער איז פּאראליזירט... מעהר ווי די הענד דיענען איהם ניט... קיין קינד און קיין רינד... אזוי ווי א שטיין. האָט ער אבער אן אויפזע־הערין, אן אלטע מויד... א מכשפה, קומט זי מיט איהם יעדען ערשטען און נעהמט אונז אלע ארום... דעם גאנצען בלאָק... אכט טענעמענטס זיינען זיינע, אַט דעם קריפּעלס...

אויף די רייד איז אריין אן עלטערע ליידי מיט א פערשטיי־נערטען אויסדרוק און שטום אָהן ווערטער דערלאנגט עפּעס א צעטעל, א קבלה.

די פרוי האָט איהר דערלאנגט דאָס פעקעל פּאַפּיר־געלד... יענע האָט עס איבערגעצעהלט, בעהאלטען אין א לעדערנעם האנד זעקעל און איז ארויס... איך האָב איהר נאָכגעפאָלגט מיט די בליקען און האָב בעמערקט ווי דער אלטער אין קערידזש האָט אויסגעצויגען די האנד, א לאנגע און א בעגעהרענדע. דער גאנצער קערפּער און די געזיכטסציגע האָבען זיך ניט בעוועגט.

די אלטע איז אריין אין קערידזש, זיך געזעצט נעבען אל־טען און שטומערהייד גענומען די לייצען און זיך אוועקגעפאָה־רען...

— וואוהין פאָהרען זיי דאָס?

—שוין אהיים — האָט די פרוי פון געוועלב געענטפערט—הינטער'ן שטאָדט אין זייער פּאלאַץ... אהער קומען זיי נאָר איינמאָל אין מאָנאָט, די רויבער, געהמען אוועק די לעצטע פּע־ניס און פאָהרען אוועק...

אויף די רייד איז אריין דער באָיטשיקעל מיט דער טאָכ־טער:

— שוין, קינדער... ער איז שוין דאָ געווען...

— דער לענדלאָרד?... — האָט די טאָכטער טרוייעריג גע־שמייכעלט.

— יאָ... — האָט די מוטער געזיפצט. — דער מיסטער האָט מיר דאָ צוגעבאָרגט דריי דאָלאַר... די לעצטע פּעני אויס־געראַומט....

די טאָכטער האָט אויף מיר געוואָרפען א דאנקבארען שמייכעל און ארויסגענומען פון איהר פּאקעטבוק א פּאָר דאָלאַר:

— איך האָב נאָך עטליכע דאָלאַר ביי זיך. נאָט אייך.

— א, עס מאכט ניט... האָב איך געפּרואווט זיך וועהרען... עס קען זיין אין א וואָך ארום און שפּעטער...

— ניין, ניין! — האָט די טאָכטער זיך געהיצט — עס איז אַלְלראַיט, מאָרגען האָב איך מיין „פּעי“... איך נעהם אָפּ א סך געלד....

— אויף איהם געזאָגט געוואָרען, — האָט די מוטער גע־שאָלטען דעם לענדלאָרד... — אט אזוי יעדען ערשטען נעהמט ער צו די לעצטע פּעני, ווי א רויבער... און פרעג, וואָס דאַרף ער אזוי דאָס געלד... אין גאנצען איז דאָס א קריפּעל....

דער באָיטשיקעל האָט זיך צולאַכט פון דעם מאָדנעם וואָרט און די יונגע טאָכטער האָט זיך טרויעריג פערטראַכט.

# אין א אידישען קאבארעט.

(ניו־יארקער בילד)

א גרופע יונגע לייט, צווישען וועלכע עס האבען זיך געפונען א פאר לעבע־קינדער, האבען זיך ארומגעשלעפט אין דער איסט־סייד און האבען זיך שטארק געלאנגווייליגט.

עס איז ערשט געווען צעהן א זייגער אין אווענד. וועגען געהן אהיים האט קיינער ניט געטראכט: דאס רוב פון דער גרופע זיינען געווען אונפערהייראטע און די צוויי דריי פערהייראטע האבען נאך מעהר מורא געהאט פאר זייערע היימען, ווי די „סיגנעל לייט“.

דאן האט איינער פון די לעבע־קינדער פארגעלעגט: — לאמיר געהן אין א קאבארעט, אויף בראדוויי.

דער גרעסטער טהייל פון דער גרופע האט זיך אויסגערעדט פון גרייט צו געהן, און מאנכע האבען שוין אנגעהויבען חשבון'ען אין קאפ זייערע קאפיטאלען, וואס געפינען זיך אין זייערע טאשען. איינער אבער פון די לעבע־קינדער האט זיך געקווינקעלט.

— זיי זיינען מיר נמאס געווארען, די בראדווייער קאבארעטס. טרוקען, אהן נשמה, אהן גייסט.

און טראכטענדיג א ווייל׳ע האט ער זיך אנגערופען:

— איך וואלט זיך געוואלט אביסעל אנווארעמען... עפעס ווארגעץ אין א היימישען פלאץ. אך, פאר וואס זיינען ניטא קיין אידישע קאבארעטס. איך וואלט איצט אזוי גערן אהין געגאנגען.

— עס איז דא א אידישער קאבארעט! — האט א יונגערמאן פון דער גרופע געמאלדען.

— א אידישער קאבארעט — ווירקליך! — האט זיך דער „לעבע־יונג" בעגייסטערט — איך גלויב עס ניט!

— קומט, איך פיהר אייך! — האט דער ענטרעקער זיך אונטערגענומען.

די גרופע האט זיך געלאזען פיהרען. די נייגיעריגקייט איז געוואקסען מיט יעדען טריט, וואס יעדער האט געמאכט.

— איז נאך ווייט? — האט געהענדיג א מאנכער פער־לוירען דאס געדולד און זיך פארגעשטעלט, אז דער אידישער קאבארעט געפינט זיך אודאי ערגעץ ארום סמבטיון...

— אט באלד! — האט דער פיהרער געטרייסט און גע־געבען האפענונג.

די גרופע האט איהם נאכגעפאלגט. באלד האט דער פיה־רער, ווי א פעלדמארשאל זיך געווענדעט מיט'ן פנים צו דער גרופע, געגעבען א צייכען און וועלכער סטריט צו פערקירע־זוען זיך און אריינפאלענדיג אין א טומעלדיגע ענג־בעפעלקער־טע גאס, איז דער פיהרער ענדליך שטעהען געבליעבען נעבען א טענעמענט־הויז.

דער עולם האט זיך געלאזט געהן אין קארידאר. אבער דער פיהרער האט א שמייכעל געטהאן:

— קריכט זייט מוחל אין קעלער, אונטען...

— אין קעלער! — האט זיך דער עולם דערפרעהט — איז נאך אינטערעסאנטער.

און ארארבלאזענדיג זיך אין דער ניעדער אויף טרעפלאך איז דער עולם אריינגעפאלען אין אידישען קאבארעט.

די ערשיינונג פון אזא'ן עולם אין א מיטענוואכעדיגען אבענד האט דעם ווירטה פון קעלער אביסעל איבערראשט. די בעל הבית'טע איז גלייך אוועקגעלאפען אין קיך אנגרייטען מאכלים, וועלכע עס האט קענטיג אויסגעפעהלט פאר אזוי פיעל מענשען.

דער צימבאליסט פון קאבארעט, א הויכער שעהנער יונגער־

מאן מיט גרויסע דונקעלע, עטוואס טרויעריגע אויגען, האט די גרופע מיט א פריינדליכען שמייכעל בעגריסט און אבגעצימבעלט פאר די געסט א לכבוד — א וואלאך...

דער ווייכער, מינארנער בענקענדער ניגון האט זיך צוגאסען איבער'ן קעלער און ניט געפינענדיג געווג פלאץ, האט ער זיך ארייגעכאפט אין די הערצער פון דער גרופע, וועלכע האט זיך שוין אויסגעזעצט ביי דריי טישען, וואס דער קעלנער, א מיטעלדער גוטמוטהיגער יונגערמאן, האט אימפראוויזירנדיג צוזאמענגעשטעלט.

די קליינע גרופע געסט, וועלכע האבען זיך געפונען נאך פון פריהער זיינען אויך לעבעדיגער געווארען, מיט נייגיעריגקייט בעטראכט די נייע אנגעקומענע און האבען בעשטעלט פרישע קריגלעך וויין.

דאס זיינען געווען גוטמוטהיגע אידען אין די מיטעלע יאהרען, קענטיג ארבייטער, וואס זיינען אין דער היים, אין בעסעראביען אדער רומעניען, פון וואנען זיי האבען אלע געשטאמט, געוועהנט געווען צו א גלעזעל וויין און צו א וואלאך... דאס האבען זיי דא געקריגען און זיי האבען זיך געפיהלט, ווי אין דער היים.

די גרופע נייע האבען זיך איבערגעווארפען מיט בליקען מיט דער אלטער גרופע. עס איז באלד געשלאסען געווארען פריינדשאפט.

— וואס עפעס בעזונדער! — האט איינער פון די פריערדיגע זיך אויפגעשטעלט, ווי א טשערמאן, און געקוקט צו די נייע — איהר זייט טאקי געבילדעטע מענשען, אבער מיר זיינען חלילה אויך ניט קיין פאנאטישע. אט דער יונגערמאן, זעהט איהר — האט ער אנגעוויעזען אויף א הויכען אידען — ער איז ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי א מעמבער אין ארבייטער רינג...

דער אפענהערציגער טאן פון דעם איינפאכען אידען, האט

דער אינטעליגענטער גרופע דערוואַרעמט. עס האָט זיך פער־בונדען אַן אינטימער געשפּרעך.

באַלד איז צוגעקומען אַ יונגערמאַן, וועלכער איז די גאַנצע צייט געזעסען נעבען צימבאַליסט. די אידישע גרופּע האָט איהם איינגעלאַדען זיך זעצען ביי זייער טיש.

— ער איז אַ זינגער... — האָט ער איהם פאָרגעשטעלט— ער האָט אַ זעלטענע כּלי!...

דער זינגער האָט זיך ווי פערשעהמט פון דעם קאָמפּלי־מענט, האָט זיך אויסגעהוסט און געפּרעגט:

— וואָס זאָל איך אייך זינגען?

— זינגט עס זאָל עפּעס נעהמען ביי'ן האַרץ — האָט זיך דער מעמבער פון אַרבייטער רינג געבעטען.

דער זינגער האָט זיך ווי פערגעהוסט און זיך געווענדעט מיט אַ ריינע הויכע שטימע צום צימבאַליסט:

— יאַסעל, שפּיעל אַ חלום!...

צווישען דער ערשטער גרופּע פון די איינפאַכע אידען איז געוואָרען אַ בעוועגונג.

דער מעמבער פון אַרבייטער רינג האָט זיך אַנגערופען צו דער פרעמדער גרופּע:

— אַ „מאַראַלישע“ ליעד!

דער זינגער האָט אַנגעהויבען גלייך אויף דער העכערער אָקטאַווע. געזונגען האָט ער מיט געפיהל ווענען דעם ווי דאָס גאַנצע לעבען איז הבל הבלים און אַלץ איז אַ חלום...

דער צימבעל האָט נאָך יעדער פערז צוגעצימבעלט מיט אַ בעשטעטיגונג...

אַלץ איז הבל הבלים,
דאָס גאַנצע וועלט איז אַ חלום!

אַז דאָס ליעד פון חלום איז אַבגעזונגען און אַבגעצימבעלט געוואָרען, איז די אידישע גרופּע פערזונקען געוואָרען אין געדאַנקען. ביז וואַנען דער ערשטער פון זיי וואָס האָט זיך

נעהאַלטען פאַר דעם געבילדעטען און אַלץ־וויסענדען, האָט אויס־געשריען:

— מילא, אַז די וועלט איז אַ חלום דאַרף מען דאָך ערשט טרינקען אַ גלעזעלע ווײַן... טאַ דערלאַנגט טאַקי נאָך צו קריי־געלעך... און דו — האָט ער זיך געווענדעט צום זינגער, זינג לכבוד די יונגע לייט, נאָך אַ שעהנערע ליעד, דו האָסט דאָך זיי.

— איך וועל אייך זינגען דאָס ליעד פון קישינעווער פּאָג־ראָם! — האָט דער זינגער מיט אַ שטראַהלענדען פּנים גע־מאָלדען.

— אַ טהייערע ליעד — האָט דער איד, וואָס איז געווען טאַקי אַ קישענאַווער, זיך אָנגערופען.—אָבער זינג ריכטיג, ווייל איך וויים די גאַנצע מעשה...

דער זינגער האָט זיך ווידער מכין געווען, זיך אויסגע־הוסט און אָנגעהויבען:

טייכען בלוט האָט געררונען
גאָר אין מיטען העלען טאָג,
הרוגים אין גאַסען געפונען —
אוי, אַ יאָמער און אַ קלאָג...

— ריכטיג ווי גאָלד! — האָט דער קישינעווער בעשטע־טיגט.

אָבער אַז עס איז געקומען צו דעם ווייטערדיגען סטראָף, וואו די צאָהל הרוגים איז געוואָרען פון זינגער גענוי אָנגעגע־בען, האָט דער קישינאַווער איהם איבערגעשלאָגען:

— דו האָסט אַ טעות... עס איז געוועזען זיעבען און פער־ציג....

און דער זינגער האָט געמוזט פערריכטען, אויסזינגענדיג:
— זיעבען און פערציג הרוגים !...

אז דאָס ליעד פון קישענאָוו איז געוואָרען אָבגעזונגען האָט

זיך דער זינגער אויפגעשטעלט און געקוקט אויף די פּערזאַ־מעלטע:

— מיר ווייסען, מיר ווייסען! — האָט דער קישענאַוּוער גוטמוטהיג געמורמעלט. — אידען! לאָמיר זיך צונויפלעגען!

עס איז באַלד געזאַמעלט געוואָרען אַ פּאָר דאָלאַר. דער מעמבער פון אַרבייטער רינג האָט עס דעם זינגער איבערגע־געבען.

דער זינגער האָט די סומע שנעל אַריינגעלאָזט אין טאַש. איז געוואָרען פרעהליכער און האָט זיך גענומען זינגען אַ ליעד. אויס דאַנקבאַרקייט.

דאָס לייעד איז שוין געווען באמת אַ פרעהליכס. דאָס איז געווען ווענגען אַ מיאוס'ע כלה, וואָס האָט אַ סך געלד, און יעדע סטראָפע האָט זיך געענדיגט:

— אוי, האָט זי אַן אוצר!...

ביי'ן וואָרט „אוצר" האָט ער צוגעוואונקען מיט די אוי־גען, ווי אַן אַקטיאָר אַ קאָמיקער.

— דער יונג קען, זאָל איך אַזוי געזונד זיין! — האָט דער קישענאָווער ערשט גענומען איהם ריהמען:

אַמאָל איז ער געווען פון די בעסטע זינגער אין טהעאַטער. האָט ער זיך צוקריגט מיט'ן „סטאַר" און איז געוואָרען אַ זינ־גער אין וויין־קעלערס... ער מאַכט אָבער איצט אויף אַ פיינעם לעבען — ניט צו פערזינדיגען...

און ווערענדיג גוט געשטימט פון די ליעדער און פון די פּאָר קריגעלעך וויין האָט ער בעשטעלט נאָך וויין, שוין פאַר'ן גאַנצען עולם!

— איך צאָהל! — האָט ער הויך געמאָלדען. די יונגע לייט פון דער גרופּע האָבען זיך געפיהלט אומבעקוועם, אַז אַ ווילד פרעמדער איד זאָל צאָהלען פאַר זיי. אָבער דער ערפאַה־רענער לעבע־יונג האָט מתיר געמאַכט.

— עס שאַדט נישט! אויף בראָדוויי פאַסירט אַזוינע

מעשיות זעהר אַפּט. עס פאַלט אריין איינער און צאָהלט פאר אלע. מיר געפעהלט עס.

און אין אַ פּאָר שטונדען ארום זיינען דיביידע גרופּען אזוי נאָהענט געוואָרען, אז זיי האָט זיך געדוכט, אז זיי קענען זיך שוין יאָהרען לאַנג און נאָך דעם ווי עס איז אויסגעטרונקען געוואָרען אַ צאָהל קריגעלעך וויין, האָבען זיי זיך צוזונגען:

אוי, אוי — אוי!

שכור איז אַ גוי!

פלוצים האָט זיך דער עלטערער איד פון דער ערשטער גרופּע אויפגעשטעלט, ווי ער וואָלט זיך דערמאָהנט אַן אַ וויכטיגע זאַך און איבערשלאָגענדיג דאָס ליער מיט אַ פּאַטש איבער'ן טיש האָט ער אויסגעשריען:

— אידען, עס איז נאָך פאר צוועלף, איך וויל אַ דאַווען טהאָן מעריב...

צו איהם זיינען צוגעשטאַנען די איבעריגע פון דער ערשטער גרופּע איינפאכע אידען. די נייע אַנגעקומענע לייט האָבען זיך אַנפאַנגס פערלוירען, דער לעבע־יונג פון בראָדוויי האָט זיך דערפיהלט ווי בעליידיגט: מעריב דאַוונען אין אַ קאַבארעט! די איבעריגע אָבער איז דער ענין דוקא געפעלען און איינער האָט פאָרגעשלאָגען צו דאַוונען בציבור!

און באַלד האָט אין דעם אידישען קאַבארעט אַ קלונג געטהאָן דער וואָכעדיגער „והוא רחום" פון די אַלטע אידישע שוהלען און בתי מדרשים אין דער היים...

דער לעבע־יונג האָט געוואָלט אויך מיט־דאַוונען. אָבער ער האָט זיך ניט געקענט דערמאָהנען קיין איין וואָרט, דאָך ווען דאָס „פּובליקום" האָט זיך געשטעלט שמונה עשרה, האָט ער זיך אויפגעשטעלט און געמורמעלט אונדייטליכע אַלטע ווערטער, וועלכע האָבען איהם זיך נאָך געבאַמבעלט פון דער קינדהייט...

# גאָלדע'ס פריינד.

דער נייער פּלאַץ, וואו גאָלדע האָט געקראָגען צו ארביי־טען איז געווען ניט בעזאָנדערס גרויס, אבער דערפאר אינטע־רעסאנט. די דרייסיג ארבייטער־מיידלעך וואָס דער שאַפּ האָט פּערמאַנט זיינען אין פערלויף פון די ערשטע עטליכע טעג געוואָרען איהר נאָהענט, מיט אייניגע האָט זי זיך זאָגאר בע־פריינדעט. איבערהויפּט מיט די צוויי, וואָס האָבען געארבייט מיט איהר ביי איין טישעל. דאָס זיינען געווען צוויי אמערי־קאניזירטע אידישע מיידלעך, וואָס האָבען גערעדט א גוטען ענגליש און א שלעכטען אידיש. זייער שלעכט אידיש רעדען האָט גאָלדען מעהר אימפּאָנירט, ווי דאָס גוטע ענגליש אויף וועלכען זי איז געווען א קנאַפּע מבינטע. זי איז ערשט אין לאַנד דריי יאָהר און כאָטש זי האָט שוין בעזוכט א נייט־סקוהל האָט זי אָבער די נייע שפּראַך נאָך וועניג בעהערשט. דערפאר אָבער האָט זי גערעדט א שעהנעם ליטווישען אידיש, אבער דערמיט האָט זי ניט שטאָלצירט, ווי איהרע חבר'טעס מיט זייער ענג־ליש. זי האָט זיך געסטאַרעט צו רעדען וואָס מעהר ענגליש און וויסענדיג ווי שוואַך זי איז אין דער נייער שפּראַך, איז זי געווען זעהר פאָרזיכטיג מיט לאַנגע פראַזען און אויסדריקע. זי פלעגט אויף א פראַגע ענטפערען גאָר אנדערש, ווי זי וואָלט געוואָלט, בלויז דערפאר, וואָס זי האָט ניט געוואוסט ווי אזוי מען רעדט ארויס ריכטיג א געוויסען וואָרט. עס איז ביי איהר רעכט געווען אמאָל אָנגעבען איהר וואוינונג אין אן אנדער סטריט בלויז דערפאר, וואָס די סטריט, וואו זי האָט געוואוינט

איז איהר געווען שווער ארויסצוזאגען מיט'ן ריכטיגען אקצענט. זי האט למשל, ניט געקענט אויסרעדען ווי געהעריג איז פוירסט סטריט און דערפאר האט זי געזאגט, אז זי וואוינט אין סעקאנד סטריט...

איבערהויפט האט זי אויף פיעלע פראגען אין נייעם שאפ געענטפערט ניט ווי עס איז געווען, נאר ווי עס האט זיך ביי איהר סתם ארויסגערעדט, אמאל צוליעב דער שפראך, אמאל צוליעב פערווירונג און אמאל גלאט אזוי נישט אראבצופאלען פאר די אמעריקאניזירטע מיידלעך. שפעטער אביסעל, פלעגט עס איהר פערדריסען. גאלדע איז פון דער נאטור נישט געווען קיין ליגנעריו, אבער צוריק צו כאפען איז שוין איהר געווען שווער.

איבערהויפט איז זי ארייננעפאלען מיט דעם ענטפער אויף דער פראגע וועגען א „פריינד". דאס רוב מיידלעך פון נייעם שאפ האבען גערעדט וועגען זייערע „פריינדס". מיטוואך פלעגען זיך פיעלע נאך דער ארבייט, איילען מעהר ווי אלע טעג, ווייל מיטוואך איז ביי זיי געווען דער אויסגאנגס־טאג מיט זייערע באיעס, חתנים און „פרענדס". איינע פון די צוויי נאהענטע מייד־לעך, וואס האבען געארבייט מיט איהר ביי איין טישעל האט איהר מיט א שמייכעל א פרעג געטהאן:

— און דו, גאלדע, האסט נישט קיין פריינד?

איז זי געבליבען פערווירט און ניט בעטראכטענדיג זיך האט זי מיט א זיכערען טאן געענטפערט:

— שור... איך האב...

און איז גלייך רויט געווארען.

די חבר'טעס ביים טישעל זיינען געווארען נייגעריג, וואס פאר א סארט „פריינד" א גרינע מיידעל קען האבען און זיי האבען זיך גענומען אויספארשען זי:

— שוין לאנג? — האט איינע געפרעגט.

— דריי מאנאט! — האט גאלדע געענטפערט און איז

נאך רויטער געווארען.

איז די אנדערע חבר'טע שוין מעהר נייגעריג געווארען און האט געוואלט וויסען זיין „טרייד"... עס איז באמת געווען טשיקאווע צו וויסען וואס פאר א סארט באי אזא גרינע, כאטש חנו'דיג מיידעל קען ארייקריגען. און זי האט גאלדען העפליך געפרעגט:

— וואס פאר אן ארבייט האט דיין פריינד?

— אן ארבייט... איז גאלדע ווי צומישט געווארען און נישט געפינענדיג גלייך קיין פאסיגע ארבייט פאר איהר אויס־געטראכטען חתן האט זי ווי שיער וויינענדיג אויסגעברומט:

— מיין פריינד איז נישט קיין ארבייטער.

— נישט קיין ארבייטער! — האבען זיך ביידע אנגעכאפט און אנגעקוקט פערוואונדערט איינע די אנדערע און נאכדעם גאלדען — און איינע האט איבערגעפרעגט:

— אזוי? נים קיין ארבייטער? א ביזנעס־מאן...

— ניין! נים קיין ביזנעס־מאן — האט גאלדע געשטא־מעלט און אויף איהר שטערען האט ארויסגעשלאגען א שוויים.

— וואס דען? — האבען ביידע מיידלעך זי געצויגען פאר דער צונג.

און אזוי ווי גאלדע האט נעכטען געלעזען אין א ציימונג א מאדנע מעשה וועגען א סיילעסמאן, אזוי אז דער דאזיגער ווארט איז איהר פעסט אין קאפ געבליבען, האט זי גלייך ארויס־געערדט:

— ער איז א סיילעסמאן!

— אה! סיילסמאן! — האט איינע ווי מיט קנאה אויס־גערופען.

און די צווייטע חבר'טע האט זיך נאך מעהר צוהיצט און ווי צוגעזונגען:

— א סיילסמאן! פיין! פיין!

אבער דער דאזיגער ליגען האט גאלדען פערשאפט אונרו־

היגע טעג און שלאפלאזע שטונדען ביי נאכט. אין עטליכע טעג ארום האבען שוין אלע מיידלעך פון קליינעם שאפ געוואוסט, אז גאלדע׳ס פריינד איז א סיילימאן און יעדע איז געווען טשיקאווע צו וויסען וויפיעל ער בעקומט וויידזשעס. און וואו אהין ער נעהמט זי אוים און וויפיעל מאל אין וואך ער גיט איהר גוד־טיימס.

אויף די אלע פראגען איז גאלדען ניט בעזונדערס געווען לייכט צו ענטפערען. וויידזשעס האט זי איהר פריינד בעשטימט צוואנציג דאלאר א וואך. האט זיך איין מיידעל געוואונדערט וואס אזוי ווייניג; דאן האט גאלדע געמוזט פערשפרעכען, אז אין א חודש ארום בעקומט ער א „רייז“ פינף דאלאר און ער וועט שפעטער נאך מעהר בעקומען.

האט איהר א מעהר נייגעריגע מיידעל געפרעגט:

— ווען?

האט גאלדע דאס געמוזט אפליינען נאך דעם ווי זיי וועלען חתונה האבען, דאס הייסט, זי מיט׳ן סיילימאן...

האט זיך ביי די מיידלעך אנגעצונדען די אויגען: זי רעדט שוין וועגען חתונה! אויב אזוי, איז דאך כדאי צו וויסען ווען וועט זיין זייער חתונה?

האט גאלדע דאס געמוזט אפלעגען אויף א גאנצען יאהר. דאן האט איהר איינע געראטען, אז זי זאל אזוי לאנג ניט פער־ציהען, וויל ניט אלע סיילימלייטע זיינען רעעלע מענשען. דא האט זיך גאלדע געמוזט איינשטעלען פאר איהר סיילימאן, אז ער איז ניט גלייך צו אנדערע פון זיין סארט... זי וויים אויך, אז עס זיינען דא סיילימלייט, וואס זיינען גרויסע שאר־לאטאנעס און פערפיהרען בלויז מיידלעך, מיט איהרען אבער איז זי זיכער. אזא ווי איהר סיילימאן איז ניטא אויף דער גאנצער וועלט נאך איינער.

און נאכדעם האט זיך אנגעהויבען א סדרא מיט „ציהרונג“.

— האט דיר דער סיילימאן שוין געקויפט מתנות? —

האָט מען איהר איין אַ פּאָר טעג אַרום געפּרעגט.

די פראַגע איז שוין געווען גאָר אַן אונגעריכטע, און גאָל־דען האָט שוין ניט געלונגען לייכט דערויף צו ענטפּערען. זי האָט אַ שטאַמעל געטהאַן, אַז קיין וויכטיגע מתנות האָט זי נאָך דער־ווייל פון איהם ניט, אַבער ער וועט איהר קויפען די שעהנסטע ציערונג.

וואָס ווייטער זיינען אַבער די מיידלעך צודרינגליכער גע־וואָרען. מאַנכע האָבען געוואָלט זעהן איהר פריינד.

— פאַר וואָס זאָלסטו טאַקע, גאָלדעלע ניט בעקענען אונז מיט דיין „פריינד“ — האָט איינע פאָרגעשלאָגען.

— וואָס האָסט מורא? מיר וועלען ביי דיר איהם אַפּנעה־מען? — האָט שוין אַ צווייטע ווי אַ שטאָך געטהאַן, פערריכ־טענדיג די פריזור מיט די שעהנע הענט. און פיעלע פון די מיידלעך האָבען זיך אַ נעהם געטהאַן צו גאָלדען.

— בעקען אונז מיט איהם!

— אָלרייט! — האָט גאָלדע אַ פערשעהמטע געזאָגט — אויב איהר ווילט אַזוי שטאַרק פאַר וואָס ניט... ער וועט זיין זעהר צופריעדען...

און עטליכע טעג נאָכאַנאַנד האָט גאָלדע געטראַכט ווי אַזוי אַרויסצופּלאָנטערען זיך פון איהר סיילימאַן, וואָס זי האָט אַזוי אונשולדיג און אָהן שום כונות איהם פאַר איהר חתן געמאַכט. דער אויסגעטראַכטער סיילימאַן איז איהר געשטאַנען פאַר די אויגען, אַ שעהנער, אַן אויסגעפּוצטער און האָט איהר פריינד־ליך צוגעשמייכעלט. זי האָט זיך געשעהמט פאַר זיך און פאַר'ן דאָזיגען יונגען מאַן, וועלכער האָט פאַר איהר שוין עקזיסטירט. זי ווייס בלויז ניט ווי אַזוי צו געפינען איהם און פאַרצושטעלען איהם פאַר איהרע חבר'טעס אין שאַפּ. אויב זי וועט איהם ניט פאָרשטעלען די טעג, וועט זיין די חרפּה זעהר גרויס. זי וועט מוזען פערלאָזען דעם שאַפּ.

דער שאַפּ איז איהר אַבער געווען נויטיגער ווי דער סיילימאַן.

אהן דעם פריינד, דעם סייליסמאן איז אומעטיג, דאס לעבען האט נישט קיין זין, אבער לעבען קען מען דאך, אבער אהן שאפ קען מען ניט אויסקומען א טאג... אויב זי וויל זיך ראטעווען האט זי נאר איין וועג, זיך אבזאגען פון סייליסמאן...

און קומענדיג איין מאל אין שאפ האט זי זיך געמאכט טרויעריג און פערטראכט.

— וואס איז מיט דיר גאלדע, ביזט היינט אזוי צורודערט — האט איהר די חבר׳טע ביין טישעל געפרעגט.

דא האט גאלדע געפונען א וועג ווי זיך צו בעפרייען און האט נאך טרויעריגער ארויסגעזיפצט:

— איך בין זיך צוגאנגען מיט מיין פריינד...

— מיט׳ן סייליסמאן! — האט זיך די חבר׳טע פער׳חדושט.

— יא, מיט איהם... האט גאלדע בייז געענטפערט. עס ווייזט זיך ארויס, אז ער איז טאקע ניט בעסער פון אלע... בין איך זיך מיט איהם צוגאנגען.

דאן האבען די מיידלעך זי געטרייסט און געראטען איהר צו געפינען אן עהרליכען ארבייטער, ווייל די סייליסלייט זיינען שוין בעוואוסט פאר גרויסע פערפיהרער און גאלדע דארף דאנקען גאט, וואס זי איז פון איהם פטור געווארען.

און גאלדע האט טאקי געדאנקט גאט: פטור געווארען פון סייליסמאן, זי קען צוריק ארבייטען אין שאפ. די מיידלעך זיינען אלע אזעלכע גוטע און פריינדליכע. ביז מען געפינט א רעכטען שאפ איז דאך אזוי שווער...

# אין וועג.

## 1.

### ד ע ר   ל י ט ע ר א ר י ש ע ר   פ ע ט ע ר.

„דער ליטעראַרישער פעטער"

אַזוי הייסט אין בערלין אַ אידעל, הערר איקס, וועלכער וואוינט שוין דאָרט אַ יאָהר 15 — אַזוי בעריהמט ער זיך פאַר יעדען ניי־אָנגעקומענעם:

— שוין 15 יאָהר אַ בערלינער!

אויף איהם, נאַטירליך, קען מען קיין פּעראיבעל ניט האָבען ווען ער רעדט דייטש, 15 יאָהר פון ליטאַ קען מען די אידישע שפּראַך פערגעסען: אויך אָבער דאַרף מען אויף איהם קיין פאַראיבעל ניט האָבען וואָס זיין „דייטש" איז ניט פון דער עֶבֿ־טער פּראָבע — צו געטהע'ס דייטש קומט עס ניט. נאָר 15 יאָהר איז פאַר אַזאַ אידען ווי איקס אַ גענוג קורצע צייט אום אויס־צולערנען זיך גוט דייטש.

דייטש איז אַ קאַפּריזנער לשון — אַזוי האָט געבעך אונ־זער בערלינער איד גאָר קיין לשון ניט. נאָר זאָרגט זיך ניט — רעדען רעדט ער און דוקא אַ סך, און כאָטש זיין לשון איז ניט קיין אידישער און ניט קיין דייטשישער, דאָך פערשטעהן פער־שטעהט איהם סיי אַ איד, סיי אַ דייטש, ווייל ערשטענס רעדט ער שטענדיג מיט פּתח'ן — זאָגען, האָבען, א. ד. ג. — וואָס דאָס איז פערשטענדליך סיי פאַר אַ דייטש, סיי פאַר אַ אידען, און צווייטענס איז ער אַביסעל מסביר מיט די הענד, מיט אַלע גליעדער ווי אין פּסוק שטעהט: כל עצמותי תאמרנה — ער רעדט מיט די ביינער. און ער איז ווירקליך אַ יונג מיט ביינער. פון דער פּראָפעסיע אַ זייגער־מאַכער, האָט ער שוין זייט צעהן יאָהר די אַרבייט געוואָרפען און לעבט ספּעציעל פון אַנאָנסען

זאמלען פאר אידישע און פאר דייטשע צייטונגען. און אזוי ווי אנאנסען האבען צו טהאן מיט דער ליטעראטור, בפרט די לעצטע פאר יאהר, ווען דער איינציגער צייכען פון א גוטער צייטונג איז, אז זי האט א סך אנאנסען, איז דער דאזיגער איד, הערר איקס, אין גאנצען אויסגעמישט מיט דער ליטעראטור, נאטירליך, אלס איד הויפטזעכליך מיט דער אידישער, אבער אויך די דייטשע ליטעראטור איז פאר איהם ניט קיין פערשלאסענער גארטען. דער אנאנסען טהייל איז, ווי בעוואוסט, אינטערנאציאנאל, — אויב איהר האט אן ענגלישע אנאנסע פאר א אידישער צייטונג קענט איהר זיך אויך ווענדען צו דעם דאזיגען הערר איקס, און ער וועט אייך פערזארגען על צד היותר טוב.

רייבענדיג זיך ארום אנאנסען, איז ער, ווי געזאגט, אויסגעמישט מיט ליטעראטור און מיט ליטעראטען. קומענדיג אין בערלין, וועט איהר זיך פון איהם ניט אויסדרעהען אויב איהר זענט נאר א ליטעראט מיט א נאמען, ווייל אלס אנאנסען־זאמלער, זוכט איקס נאר פירמעס, בעקאנטע פירמעס. זענט איהר א ליטעראט מיט א נאמען און קומט נאך בערלין, זאלט איהר קיין האטעל ניט נעהמען, ס׳איז אומזיסט אייער טרחה: איקס וועט אייך שוין אויפזוכען און וועט אייך ניט לאזען שטעהן אין האטעל פאר קיין פאל.

— א אידישען ליטעראט — זאגט ער — איז ניט קיין מענדעלסאהן (ער מיינט נאטירליך דעם באנקיר מענדעלסאהן) קומט אריבער צו מיר, „שלאפט" איהר ווי א פריץ פאר איין מארק און איהר זענט צווישען אייגענע מענשען.

און ווירקליך האט דער איד א וואוילע קאנאפע, אויף וועלכע — לויט ער בעריהמט זיך — זיינען שוין געשלאפען די גרעסטע אידישע שריפטשטעלער. איבערהויפט אבער שטאלצירט ער, וואס אויף דער קאנאפע איז שוין אויך געשלאפען שלום־עליכם.

— צוויי וואָכען איז ער דאָ געשלאָפען! — לאָזט ער ענדליך אוים מיט גדלות... און אָט אויף דעם טיש—ווייזט ער— האָט ער אָנגעשריבען זיין שעהנסטעס ווערק... פּרוואווט מיר געבען א מיליאָן פאר'ן טיש וועל איך אייך ניט אוועק געבען...

ביין איז ער נאָר אויף אש'ען, דער לעצטער וויל צו איהם אפילו ניט אריינשמעקען, דערפאר אבער איז ער זיך אין איהם נוקם און לייקענט אין גאנצען אין זיין טאַלאַנט.

— מיט זיין „גאָט דער ראָכע" — זאָגט ער — האָט ער בלאָמירט דעם כלל ישראל, און בכלל טויג עס אויפ'ן פייער...

און אויב איך וויל איהם אויפווייזען אז די מעשה איז ניט אזוי, ווייזט ער מיר די „אידישע גאזעטען" פון נויאָרק, וועלכע ער בעקומט אַלע וואָך, וואו עס איז געדרוקט שוואַרץ אויף ווייס — און איך מוז שווייגען...

א שטאַרקער חסיד איז ער פון פּראָפעסאָר „זעליקאָ־וויטש„. — אזא שרייבער ווי ער — זאָגט ער — איז ניטאָ אפילו צווישען די דייטשען... „די אידישע גאזעטען", וועלכע ער בעקומט שוין עטליכע יאָהר, זאמעלט ער ניט — זיין צימער איז צו קליין דערצו, — אבער זעליקאָוויטש'עס „שטיקלעך" שניידט ער אוים פון יעדער נומער, קלעפּט עס איין אין א בוך. קומט א ליטעראַט פון רוסלאַנד צו אפילו פון אמעריקא, נעהמט ער ארוים און ווייזט, ווי ער וואָלט געזאָגט:

— נאָ לערען זיך ביי גרעסערע...

אידישע שריפטשטעלער האָט ער אין הארצען ליעב, אבער ער האָט צו זיי טענות: „אין דיני־ממנות זיינען מאנכע נישט פּינקטליך". א פּאָר פון זיי זיינען איהם געבליבען שולדיג צו פּאָר מאַרק.

— פערפאַלען, — טרייסט ער זיך, — איז עס אפילו ניט, אבער עס טאָר אזוי ניט זיין. פּראָפעסאָר זעליקאָוויטש וואָלט

עס ניט געטהאָן...

גאַטירליך האָב איך פון איהם זיך אויך ניט ארויסגע־דרעהט. געטראָפען האָט ער מיך טאַקע אין קאַפע הויז מאַגאַפּאָל, און דערהערט, אַז איך בין אַ אידישער שריפטשטעלער איז ער צו מיר צוגעגאַנגען, זיך פאָרגעשטעלט און געזאָגט, אַז נאָך שלום עליכם און פראָפעסאָר זעליקאָוויטש בין איך דער דריטער, הייסט עס, וואָס געפעלט איהם און וועלכען ער לעזט מיט „גראָ־סער הנאה“ (לשונו ממש). פון איין זייט האָט מיך געפרעהט, וואָס אויך אין בערלין האָב איך אַ חסיד, אבער פון דער אנדער זייט בין איך געווען אייפערזיכטיג צו שלום־עליכם און צו פראָ־פעסאָר זעליקאָוויטש. וואָס מאַכט מען אָבער? „מיט גוואַלד וועסטו ליעב ניט זיין“. פערפאַלען! דערהערט, אַז איך בין שוין דעם צווייטען טאָג אין בערלין און שטעה אין אַ האָטעל, איז ער אַ פאַרציטערטער געוואָרען:

— וואָס הייסט עס? — האָט ער מיר גע'מוסר'ט גאַנץ פאַמיליאריש — זענט איהר עפּעס אַ מענדעלסזאָהן, צו ווער? קומט אריבער צו מיר וועט אייך קאָסטען ביליגער און איהר וועט זיין צווישען אייגענע מענשען...

און דעם אמת געזאָגט, האָב איך די פּאָר נעכט ביי דעם דאָזיגען בערלינער ליטוואַק זיך געפיהלט גאַנץ נישקשה'דיג. ווען ניט זיין אידישער לשון מיט די דייטשישע אָדער ארץ־ישראל'דיגע פתח'ן, וואָלט ער אפילו מיר גאַנץ אנגענעהם גע־ווען, פאַרט אַן אייגענער מענש, אויף וועמעס קאַנאַפּע עס זייי־נען שוין געלעגען ווירקליך אַ סך אידישע שרייבער, אויסער דעם פערמאַגט ער אַלע אידישע טעגליכע צייטונגען פון וועלכען יאָהר איהר ווילט, אַ שאַד נאָר וואָס מען קען זיך צו זיי ניט צושטעקען. איך מיין ניט דעם שטויב, נאָר פשוט ער לאָזט ניט צו!

— זיא ווערדען מיר צומישען די נומערן, בין איך קאַפּוט!... — הויבט ער אָן צו וואָרנען, אַז מען נעהט נאָר צו די פּאָליצעס, וואו די צייטונגען זיינען אויסגעלעגט.

און ער ערקלערט מיר, אז די גומערען מוז ער היטען צו־ליעב אלטע חשבונות, וואס ער האט מיט יעדער רעדאקציע פאר אנאנסען.

ווירקליך א שאד! ווער ווייס וואס פאר אנטיקלעך איך וואלט צווישען די אלטע גומערען געפונען — דארף ער גאר האבען חשבונות מיט די רעדאקציעס. גאר צוריק געשמועסט, ווער האט דען ניט מיט זיי קיין חשבונות. עס וועט קומען א צייט וועט מען זיך שוין אויס׳חשבונ׳ען...

פאר מיין אוועקפאהר פון בערלין האב איך דעם ליטעראַ־רישען פעטער אויסגעדריקט מיין צופרידענהייט סיי פון דער קאנאפע סיי פון איהם אליין, און האב איהם צוגעזאגט שרייבען וועגען איהם אן ארטיקעל.

ער האט פאר גליק אין גאנצען געשיינט, האט מיך מיט א כלה׳דיגער שעמעוודיגקייט געפרעגט: וואו וועל איך עס דרוקען.

— אין „פארווערטס"! — האב איך ניט אהן שטאלץ געענטפערט.

— פאר וואס ניט אין די „אידישע גאזעטען" — שטעהט איך ניט אן צו זיין אין שכנות מיט זעליקאוויטש׳ען? מיט פראפעסאר זעליקאוויטש׳ען!

— אדרבא... — האב איך איהם בערוהיגט, — נאר פער־שטעהט איהר מיך, איך בין א שטיקעל מיטארבייטער פון „פארווערטס". שוין אן אוואנס, פערשטעהט איהר מיך, גע־נומען...

— אויב אוואנס איז עפעס אנדערש. — איז ער מרוצה געווארען. — זאגען זי מיר אבער, געהט דער „פארווערטס" גוט?

— 72,072! — האב איך מיט אמת׳ן שטאלץ אויסגע־רופען.

— אוי ווערה! — האט ער עכט אידיש אויסגעשריען, פער־

געסענדיג זיין גאנצעם דייטש — ס'איז דאך עפּעס גאר א מי־ליאנערסקע צייטונג... וועט איהר מיר כאטש שיקען אן אויסגע־שניטענעם שטיקעל פון דעם ארטיקעל וועגען מיר? שיקט, איך בעט אייך, — האט ער זיך געבעטען.

— נאטירליך! — האב איך איהם פערזיכערט; — זא־גאר דעם גאנצען נומער, איך האף, אז דער „פאָרווערטס“ וועט דרוקען די דאזיגע אויפלאגע מיט א נומער מעהר... ספּעציעל פאר אייך...

ער האט אין גאנצען אויפגעשיינט, האט מיר געדריקט די האנד און געוואונשען צו ווערען א נגיד און ניט דארפען לע־בען פון דער פעדער:

— ווי דער תלמוד זאגט... — האט ער ערקלערט: על מנת שלא לקבל פרס... זא צו זאגען...

בערלין, 1904.

## 2.

## די וועטשערינקע אין פאריז.

ביי דער קאסע נעבען טהיר איז געזעסען אן עלטערע מייד־על מיט שפורען פון אמאליגער שעהנקייט, מיט גרויסע שווארצע אידישע אויגען, און האט פערקויפט בילעטען, דאס מעהרסטע טהייל צו האלבען פראנק. די קליינע צאהל טהייערע בילעטען האט זי נאר פארגעלעגט די בורזשואזנע געסט, וואס זיינען, איבריגענס, אויך געווען אלטע גענאסען. נאר ביי איין גאסט, וואס איז געווען אן אמת'ער בורזשוי און בלויז צוליעב זיין יונג ווייבעל, פלעגט ער בעזוכען די דאזיגע בעלער, — האט די בילעטען־פערקויפערין גענומען א גאנצען צעהן פראנק־שטיק. זי האט עס גלייך פערצעהלט מיט שמחה דעם שעהנעם בונדיסט סערגיי, וועלכער איז געשטאנען ביים טהיר און אב־גענומען די בילעטען:

— צעהן פראנק אויסגעריסען! — האבען איהרע אויגען געשטראהלט און די קנייטשען פון פערעלטערטען געזיכט זיינען ווי אונדייטליכער געווארען.

— א מצוה! — האט דער בונדיסט געענטפערט, ווי זיין שטייגער איז, מיט א אידיש ווערטעל, און האט אויף דעם חשבון דורכגעלאזט 5 ארימע עמיגראנטען גאר אהן בילעטען.

דער זאאל האט ביסלעכווייז אנגעהויבען פול צו ווערען, נאר די גוטע שטימונג, צוליעב וועלכער דער עולם איז געקומען, האט זיך נאך ניט בעוויזען. דער עולם האט זיך ארומגעדרעהט אהן א שטאך ארבייט הין און צוריק, געכאפט א ווארט איינער מיט דעם אנדערן און יעדערער האט געזוכט עפעס אינטערע־סאנטעס, שארפעס, אונגעוועהנליכעס.

דאס איינציגע אינטערעסאנטע איז געווען אין א זייט דער

בופעט, אויף וועלכען עס זיינען געעלגען אויף טאצען פערשיע־דענע בוטער־בראָדען, הערינג און אפילו פיש. אינטערעסאנ־טער נאָך זיינען געווען די פלעשער מיט שנאפס און וויין, וואָס זיינען געשטאנען אויפ'ן בופעט, ארומגערינגעלט פון א רייהע קעלישקעס און גלעזלעך.

צום ראַזינגען בופעט פלעגט יעדער צוגעהן און ווארפען א בליק פון דער וויטען און צוריק אוועקגעהן אָן א זייט, ווי פון א פלאַץ, צו וועלכען מען טאָר ניט צו נאָהענט צוגעהן...

דאָס פריילין, וואָס איז געזעסען ביי'ן בופעט, אן אלטע בונדיסטין, וואָס איז אקאָרשט געקומען פון וואָלאָגדע, וואו זי איז געווען פערשיקט, האָט אויסגעזעהן טרויעריג און עלענד און האָט דערמאָהנט א קליין־שטעדטעלדיגע אידישע קרעמע־רין, וואָס וואַרט אויף קונים.

ענדליך איז צום בופעט צוגעגאנגען א פאַר'ל: איונגערמאַן מיט רוסישע געזיכטס־ציגע, מיט לאַנגע בלאָנדע האָר, געקליי־דעט אין אָן אָרימען אַבגעטראָגענעם אנצוג, מיט א אידיש מיי־דעל פון א יאָהר פינף און צוואנציג, אין ברילען. ער האָט גע־בעטען געבען צוויי שנאפסען און ווענדענדיג זיך צו דער מיי־דעל, האָט ער מיט זיין רוסישען באסען־שטימע ארויסגעברומט:

— מיר וועלען טרינקען פאר דער צוקונפט פון רוסלאַנד.

דאָס פריילין אין ברילען איז ווי פערשעהמט געוואָרען, איהר געזיכט האָט זיך גערויטעלט, וואָס עס האָט איהר ניט בע־זאָנדערס שעהנעם געזיכט צוגעגעבען א געוויסען חן, און זי האָט שוואַך געענטפערט, נעהמענדיג דעם כוס אין האַנד:

— פאר דער צוקונפט און וואָהל פון די אלע צובראָכענע לעבענס, וואָס געפינען זיך דאָ.

דאָס מיידעל ביי'ן בופעט האָט ווי א ציטער געטהאָן און האָט פון זיך צוגעגעבען:

— אייער וואונש, חבר'טע, איז אונערפיללבאר...

דער רוסישער יונגער מאַן האָט דערויף ניט איינגעשטימט:

— איהר האט א טעות, גענאסין, דאס לעבען איז נאך פאראויס...

און אננעהמענדיג זיין פריילין, דאס אידישע קינד, אונ־טער'ן ארעם, איז ער מיט איהר אוועק אין א צווייטער זייט.

דאס מיידעל ביי'ן בופעט האט ווי בגנבה ארויסגענומען א קליין שפיעגעלע פון האנד־טאש, וואס זי האט געהאלטען נעבען זיך, זיך שנעל איינגעקוקט, איבערגעזעצט דעם קאם פון קאפ אביסעל נידריגער און האט, ארייגלעגענדיג צוריק דאס שפיע־געלע אין האנד־טאש, טיעף אבגעזיפצט...

שפעטער א ווייל̈ע האבען זיך ביי'ם בופעט בעוויזען מעהר געסט. דאס מיידעל איז פרעהליכער געווארען: דער פראפיט געהט פאר די פערשיקטע חברים און ווער ווי זי וויים נאך אזוי גוט ווי גרויס איז דארט דער עלענד! זי איז ביסלעכווייז אריין אין דער ראל פון א פערקויפעריז, און ווען א רייכערער גאסט פלעגט צוגעהן עפעס נעהמען פון בופעט און פרעגען א פרייז, פלעגט זי מיט א חבר'שען שמייכעל ענטפערען:

— פאר אונזערע חברים אין סיביר איז קיין פרייז ניט צו פיעל!

**אין די דאזיגע מינוטען איז זי הערליך געווען!**

---

דער עולם איז געווארען וואס ווייטער געדיכטער, דער גע־רויש — פרעהליכער און אינטימער, נאר די נשמה פון דער וועטשערינקע האט נאך אלץ געפעהלט.

שולדיג דערין איז געווען אן אלטער גענאסע, וועלכער האט געזאלט האלטען די פעסט־רעדע און איז ניט געקומען.

פאר וואס איז ער ניט געקומען? — פיעלע האבען בע־הויפטעט, אז ער איז עפעס קראנק געווארען, נאר דער אלגע־מיינער איינדרוק איז געווען, אז פרעהליכעס האט ער ניט גע־האט וואס צו זאגען און וועקען די וואונדען האט ער ניט געוואלט.

— זאָל גענאָסע ב. האַלטען די פעסט־רעדע! — האָט מען פאַרגעשלאָגען.

נאָר גענאָסע ב., איינער פון די אמאָליגע פיהרער פון דער „בעוועגונג“ איז יעצט געזעסען אַן א זייט ביי א קליין טישעל און האָט פערבראַכט מיט אַן אַלטען עמיגראַנט.

הערענדיג די פאָדערונג פון עולם, האָט ער זיך געווענדעט צום אַלטען שכן:

— היינט וועט זיי ניט געלינגען!

— פאַר וואָס? — זאָגט עפּעס!—האָט דער אַלטער גע־בעטען — עס וועט ווערען א שטיקעל שטימונג.

— אַ, ניכער וועל איך זיי קאַליע מאַכען די שטימונג, — האָט דער אמאָליגער פיהרער מיט א ביטערען שמייכעל געענט־פערט — זאָלען זיי נעהמען צו ביסלעך שנאַפּס וועט בעסער ווירקען ווי מיין רעדע...

דער אַלטער האָט געשוויגען.

באַלד האָט זיך דערהערט אַן אויסרוף: חברים, זאָל מען עפּעס זינגען.

— זינגען, זינגען! — האָבען פיעלע אונטערגעכאַפּט.

און באַלד האָט זיך גענענאיבער דעם בופעט געבילדעט א רעדעל און א מאַן פון א יאָהר פינף און דרייסיג האָט אויס־געררופען:

— די שבועה!

— די שבועה, די שבועה! — האָבען אַלע מסכים געווען, אפילו די עטליכע רוסען, וואָס האָבען זיך דאָרט געפונען.

און גלייך האָט א דונער געטהאַן א כאָר פון צעהנדליגע שטימען דאָס ליעד, וואו מען גיט זיך אַלע א הייסע שבועה צו קעמפפען... די איינפאַכע, אָבער שטאַרקע, אויפמונטערנדע ווערטער, דער האַלב־מינאָרנער ניגון, האָט אַלעמען ווי עלעק־טריזירט.

אַלע געסט, ניט אויסגעשלאָסען די עטליכע סטודענטישע

פערליעבטע פּאַרלעך, וואָס זיינען געקומען אהער מעהר צוליעב געננוס, אלס צוליעב דער „אידעע". זיינען אויך היגגעריסען גע־וואָרען און גלייך מיט די איבעריגע מיטגעזוננגען.

נאָך׳ן זינגען איז די שטימונג גלייך געוואָרען געהויבען. דאָס מיידעל ביי׳ן בופעט האָט אנגעגאָסען א גלעזעל בראַנפּען, בעצאָהלט מיט איהרע לעצטע עטליכע סו און האָט הויך אויס־געשריען:

— פאַר דעם געזונד פון אונזערע פערשיקטע חברים!

א „הורראה" האָט פערהילכט דעם זאַאל.

דער שעהנער בונדיסט, וואָס איז געשטאַנען ביים טהיר און אָפּגענומען די בילעטען, האָט פערלאָזט זיין אָרט, טראַכ־טענדיג: זאָל אריינגעהן ווער עס וויל, און צוגעהענדיג צום בופעט האָט ער געפּאָדערט מיט א פרעהליכען טאָן:

— שאמפּאַניער!

דאָס מיידעל ביי׳ן בופעט האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט מיט א פרעהליכען געלעכטער. עס איז געווען קענטיג, אז זי האָט שוין לאַנג, לאַנג אזוי ניט געלאַכט, ווייל טרעהרען זיינען איהר באַלד געקומען אין די אויגען, און זי איז קוים אים שטאַנד געווען אויסצורעדען:

— שאמפּאַניער טאָר מען ניט — אונזערע חברים אין סי־ביר...

— איך וויל נישט הערען — האָט דער שעהנער בונדיסט איבערגעהאַקט — די שבועה האָט איהר געהערט, ווי איך... פרעהליך לאָמיר זיין!

און גלייך בערוהיגענדיג זיך, האָט ער גענומען א פלאַש וויין און אויסגערופען הויך:

— בונדיסטען אהער!...

— מיר זיינען אלע בונדיסטען! — האָבען זיך געחערט פיעלע שטימען און א גאַנצע מעננע האָט זיך א לאָז געטהאָן צום טישעל.

— עס זאָל לעבען דער בונד! — האָט דער שעהנער בונ־
דיסט אויסגעקנאַקט.

און ווייעדער האָט א הורראה פערהילכט דעם זאַאל.

— איצט וועט עס ערשט פרעהליך ווערען! — האָט
דאָס מיידעל פון בופעט געשטראַהלט פאַר אמת'ער פרייד.

— אז דער „בונד" איז דאָ מוז זיין פרעהליך! — האָט
דער שעהנער בונדיסט, האָבענדיג שוין אויסגעטרונקען א גלאָז
רויטען וויין — פעסט געזאָגט און זיינע שוואַרצע אויגען האָבען
איהם געגלאַנצט.

די איבעריגע געסט, נישט בונדיסטען, האָבען זיך די ערש־
טע מינוטען געפיהלט ווי אונבעקוועם, נאָר נישט וועלענדיג צו־
שטערען די אלגעמיינע האַרמאָניע, וואָס קומט אָן אזוי זעלטען
צו שאַפען אין דאָס רוב פערזאַמלונגען, האָבען זיי זיך צוזאַמענ־
געגאָסען אין איין פרייד. איין רוס, א פייערדיגער „עס דעק" האָט
זאָגאָר, אויסטרינקענדיג א גלאָז וויין, זיך אָנגערופען אויף א
הויכער שטים אין רוסיש, נאַטירליך:

— חברים, איך בין אויך א בונדיסט!...

דער עולם האָט זיך צולאַכט און דאָס מיידעל ביים בופעט
האָט עס אָנגענומען פאַר גוט־געלד און ערנסט, כאָטש געווג
פרעהליך האָט זי אָבגעענטפערט:

— נו, וואָס איז? מיין ערשטער לעהרער, א רוס, איז גע־
ווען א פייערדיגער בונדיסט און זיין כלה — א אידיש מיידעל.
פלעגט מיט איהם שטענדיג דיסקוטירען. זי איז געווען א פיי־
ערדיגע „איסקראַווקע".

דער עולם האָט זיך ווייעדער צולאַכט, נאָר באַלד האָט מען
אָנגעהויבען אויף דאָס ניי די שבועה צו זינגען און די „וועטשע־
רינקע" האָט זיך אָנגעהויבען...

פאַריז, 1907.

## 3.

## א גרויסער מענש.

אויסריכטענדיג מיך אין וועג אריין, קיין לאנדאן, האבען מיינע פאריזער פריינד, פון וועלכע א טהייל האבען לאנדאן גע־קענט, מיך שטארק געווארענט פון ווהייטשעפעל.

— ווי גאט איז אייך ליעב, פארפאהרט נאר נישט אין א האטעל אין ווהייטשעפעל.

פון ווהייטשעפעל האב איך נאך אין דער היים, אין רוס־לאנד, געהערט און אבדאנקענדיג מיין פאריזער פריינד פאר זייער אויפמערקזאמקייט צו מיר, בין איך, אנקומענדיג קיין לאנדאן, גלייך פערפאהרען אין א בארדינג־הויז און דוקא אויף ווהייטשעפעל.

איך האב שוין אזא טבע: ניט צו פאלגען קיין עצות פון פריינד. איך הער שטענדיג אוים וואס מיינע פריינד זאגען מיר, מאך א מינע פון דער העכסטער אויפמערקזאמקייט, דאנק זעהר פיעל מאל פאר זייער פריינדשאפט און טהאן טהו גראד ווי דער בעסטער פריינד מיינער הייסט מיר, און ווער איז מיר אזא פריינד, ווי איך אליין? ווי היינע זאגט ערגיץ.

אנגעקומען בין איך אין לאנדאן דוקא אין א שעהנעם הע־לען זונעז־טאג. און דא האב איך מיך דערמאהנט אבן עזרא'ס טייערע ווערטער: ווען איך זאל האנדלען מיט תכריכים וואלט קיינער ניט געשטארבען; און ווען איך קום אין לאנדאן, אין דער שטאדט פון נעבעל און פאגעס איז דוקא א שעהנער טאג און איך בלייב פער'חדוש'ט און וויל שיער ניט פרעגען ביי מענשען, צו האב איך ניט פערבלאנדזשעט. צי איז דאס אמאל ניט לאנדאן?

ווארום נישט איין מאָל האָב איך שוין אין מיין לעבען גע־בלאָנדזשעט.

ווייזט זיך ארוים, אז דאָס מאָל האָב איך טאקע געטראָ־פען דעם ריכטיגען וועג: איך בין געקומען אין לאָנדאָן, און פערבלאָנדזשעט האָט עס נאָר די זון.

און איך האָב זי העכסט בעדויערט. ווייל פאַר דער זון איז לאָנדאָן ווירקליך קיין אָרט ניט. אין א סך גאסען האָט זי דאָרט אפילו ניט וואו איהרע שטראהלען אהין צו טהאָן. אזוי שמאָל זיינען לאָנדאָנער גאסען, אזוי שווארץ זיינען איהרע בילדינגס און באנק־הייזער.

קיין סך אָבער האָט די זון דאָרט ניט געבלאָנדזשעט. איך בין געקומען א זייגער צוויי און פיער האָט זיך שוין די זון אָב־געטראָגען, אודאי פערדרייזט אין דעם שעהנעם פרעהליכען פאַ־ריז, וואו זי פאסט זיך אזוי פאר די ליעבע פאריזער שמייכלענ־דיגע בירגער און איבערהויפט פאר די ליעבע בירגערינס...

און לאָנדאָן האָט איינגעהילט א דיקער שלייער.

— אָט דאָס הייסט עס איז א פאָגע! — האָב איך גע־פרעגט מיין נייעם פריינד, וואָס האָט מיך געפיהרט ווייזען לאָנדאָן.

דער פריינד האָט געשמייכעלט אויף מיין גרינקייט און האָט גוטמוטהיג געענטפערט:

—דאָס איז דאָס געוועהנליכע טעגליכע וועטער פון לאָנ־דאָן. א פאָגע, ברודער, וועט איהר געהן און ניט זעהן ווי אזוי איהר געהט, אין א פאָגע מוז מען זיך פעסט האלטען איינע אן די אנדערע און טאפען דעם וועג.

און איך האָב בשעת מעשה געטראכט — יא, יא, ביי אייך אין לאָנדאָן לעבט מען טאקי אין גרוים חושך...

---

די באָרדינג הויז אויף ווהייטשעפעל, וואו איך בין פער־

פאַהרען, האָט געהערט צו מיסעס, לאָמיר זי רופען, איקס, ווייל קיין סך נוטס וועגען איהר, ווי וועניג איך פאַרער נישט פון מענשען, האָב איך נישט צו זאָגען, דאָך וויל איך ניט שאַרען איהרע ביזנעס און וויל נישט ענטדעקען איהר אמת׳ן נאָמען. כאָטש פון דער צווייטער זייט וואָלט איך געקענט טהאָן א טובה פיעל וואַנדערער, וואָס וועט אויסקומען צו פערפאַהרען צו איהר. נאָר מיט דעם דאָזיגען ארטיקעל בין איך ניט אויסען קיינע מענשען־פריינדליכע צוועקען. איך וויל מיך פשוט טהיילען מיט מיינע איינדריקע, וואָס האָבען זיך אָנגעזאַמעלט אין מיין אַרי־מען הארץ, זייענדיג אין לאָנדאָן און פאַר דעם וואָויל פון אונ־זערע וואַנדערער וועלען שוין וואַהרשיינליך זאָרגען די עמיג־ראַציאָנס־געזעלשאַפטען וועלכע זיינען אין דער לעצטער צייט אַזוי פיעל נעגרינדעט געוואָרען ביי אונז...

מיסעס איקס איז א אידישע פרוי אין פולען זין פון וואָרט: רעדט פשוט מאַמע לשון און טראָגט א שייטעל. דער שייטעל איז שוין דוקא ניט פשוט. ער ליעגט איהר אויפ׳ן קאָפּ ווי א בארג. עס ווייזט אבער אויס, אז דער דאָזיגער בארג איז איהר ניט שווער. דער קאָפּ איז איהר שטענדיג לייכט און קלאָר און איבערהויפּט ביי א חשבון מיט א באָרדער וועט זי קיינמאָל ניט מאַכען קיין טעות. לויט איך האָב בעמערקט געדענקט זי, ניט נאָר די צאָהל פון די גלעזער טהיי וואָס יעדער באָרדער טרינקט ביי איהר, זי געדענקט אפילו די צאָהל פון די שטיקלעך צוקער.

ביי מיסעס איקס איז דער פּרייז פאַר א צימער נישט טייער. צום אונגליק האָט די מיסעס אבער א שוואַכהייט. זי וויל ניט אז איהרע געסט זאָלען ערגעץ אנדערש עסען: צו וואָס זאָל מען זיך ערגעץ אנדערש פערדאַרבען דעם מאָגען? און אַט ווען מיסעס איקס מאַכט א חשבון פאַר׳ן „רום“ מיט׳ן עסען צוזאַמען. פאַהרט שוין אריין דער חשבון אין פונטען. און א פונט איז א גרויסע מטבע: די ענגלענדער זיינען א רייך פאָלק

און פון ניקעלס און קוואדערס ווייסען זיי ניט, איבערהויפּט ווייס דערפון ניט מיסעס איקס: זי האָט שטארק ליעב פונטען...

א מעלה האָט אבער מיסעס איקס, וואָס איהרע באָרדערס, סיי די שטענדיגע. סיי די געסט אויף עטליכע טעג, לאָזט זי זיך נישט לאנגווײלען. זי האָט פאר זיי פּעק מעשיות, און דעם אמת געזאָגט, זעהר אינטערעסאַנטע. מיסעס איקס האָט, צום גליק פון די באָרדערס, געהאט א מאָל א מאַן און כאָטש דער מאַן איז שוין פונפצעהן יאָהר טויט, לעבען נאָך זיינע מעשים טובים אין דער אלמנה׳ס מויל, און אָט מיט די מעשים טובים פון איהר מאַן אמוזירט זי איהרע באָרדערס, איבערהויפּט ווען די לעצטע זיצען ביים טיש און עסען. א פּנים, אז מיסעס איקס ווייס פון דער נייעסטער טעאָריע פון דער היגיענע, אז ביים עסען דאַרף מען זיך פּיהלען אין א גוטער לויהנע. און מיסעס איקס איז עס טאקי אין שטאַנד צו שאפען מיט איהרע העכסט פּיקאַנטע עפּיזאָדען פון איהר מאַנ׳ס לעבען, איבערהויפּט ביי יענער שטעל, וואו עס ווערט דערצעהלט, אז ער, עליו השלום, האָט זעהר ווייניג גענעסען...

מיך האָט מיסעס איקס בעהאַנדעלט נאָך פריינדליכער ווי די איבעריגע. זי האָט געהאַט בדעה, אז איך זאָל דערמאָהנען איהר באָרדינג הויז ערגעץ אין א צייטונג. זי האָט עס מיר דייטליך געגעבען אָנצוהערען.

אדווערטייזען איז א שאָד דאָס געלד — אבער דערמאָנען אזוי ערגעץ אין אַן ארטיקעל איהר באָרדינג הויז מיט די גרויסע בעקוועמליכקייטען, וואָס דאַרטען געפינט זיך — וואָלט זעהר, זעהר כדאי געווען — זאָל די וועלט וויסען. און איך בין ניט קיין שלעכטער מענש און איך טהו עס איהר צוליעב. בפרט, אז זי האָט עס ווירקליך פערדיענט.

די לעצטע פּאָר טעג איז זי א פּערסאָפּעטע אריין אין מיין „רום“ און מיר זעהר העפליך געמאָלדען, אז דעם רום מוז זי

איצט נויטיג האָבען און מיר וועט זי געבען אַן אַנדער רום, אוי־בען! (זי האָט גאָט צו דאַנקען רומס גענוג!)

— זי וואָלט מיך נישט בעמיהט, — האָט זי מיך פערזי־כערט, נאָר עס איז געקומען צו איהר צו פאָהרען איהרער אַן אַלטער בעקאַנטער: זעהר אַ גרויסער מענש!

דערהערט זעהר אַ גרויסער מענש, האָב איך זיך דער־פרעהט, איך האָב בטבע ליעב גרויסע מענשען און איך האָב געפרעגט אויף זיין נאָמען: אַ קשיא אויף אַ מעשה — אפשר אַ בעקאַנטער.

— אַ שרייבער? — האָב איך געפרופט טרעפען.

— חלילה! — האָט זי זיך פערקרימט...

ווייזט זיך ארויס, אַז עס זיינען דאָ אַנדערע מינים גרויסע לייט — ער אַליין איז ניט פון מיין פאַך, ער האַנדעלט גאָר מיט וואַלד.

— ער האָט אין דעם יאָהר פערדיענט אויף זיין חלק — האָט זי אַ צוהיצטע געענדיגט — פינף טויזענד פונט! זעהר אַ גרויסער מענש!

איך בין געבליעבען אַ פערציטערטער און האָב איהם גלייך אָבגעטראָטען מיין צימער.

לאָנדאָן, 1907.

# דער פערלארענער שטאַלץ.

עס איז געוועזען איינער פון די געמיטליכסטע בעלער, וואָס הערמאַן האָט די לעצטע צייט בייגעוואוינט. דאָס פובליקום איז ניט געוועזען בעזונדערס גרויס, דערפאַר אבער א זעהר נעטס און פיינס. איבערהויפּט די פרויען. הערמאַן האָט גראד דעם אבענד געהאט ערפאָלג. אנשטאָט צו יאָגען זיך נאָך זיי, ווי זיין שטייגער איז געוועזען אויף די פאָריגע בעלער, האָט מען זיך דאָ גע־יאָגט נאָך איהם. דאָס האָט איהם געמאַכט שטאָלץ. „אויב אזוי, לאָך איך פון אייך אלע... ברויך איך אייך גאָר ניט...“

דער דאָזיגער שטאָלץ האָט איהם, דעם פינף און דרייסיג יאָהריגען מאַן, צוגעגעבען מעהר מענליכען חן... און די פרויען האָבען אָנגעווענדעט, יעדערע אויף איהר שטייגער, אלע מיטלען צו געווינען איהם. ער איז אָבער געוועזען שטאָלץ און גרויסמוטיג: איינער געשענקט א שמייכעל, דער צווייטער א פריינדליכען בליק, דער דריטער זאָגאר בעמערקט, אז איהר האָר־נאָדעל אויפ'ן קאָפּ איז ניט אין אָרדנונג, פאר וואָס זי האָט איהם הערצליך בעדאַנקט — אָבער מעהר ניט. פערבראַכט האָט ער מעהר מיט מענער, געוויצעלט זיך, ארומגעשפּאַצירט און האָט זיך ענדליך נוקם געוועזען אַן דעם שעהנעם געשלעכט פאר לאַנגע, פיעלע און מאַנכמאָל שווערע בעליידיגונגען, וואָס ער איז פון צייט צו צייט, פון באָל צו באָל פון זיי אויסגעשטאַנען...

איצט וועט ער שוין וויסען, ווי אזוי מיט דער דאָזיגער „חברה“ צו האַנדלען: אויסערליך איגנאָרירען זיי און ערשט דאַן וועט ער איבער זיי זיעגען, בעזיצען וועלכע ער וועט נאָך

וועלען. אַט די שעהנע ברונעטע מיט די צולאָזטע האָר אין ציי־גיינער־קאָסטיום, און אפשר גאָר אַט די גאָלדענע־בלאָנדע, מיט די גרויסע בלאָהע אויגען — ווען ער וויל נאָר א גוט וואָרט זאָגען און ער ווערט דער בעזיצער, דער אייגענטימער.

א צופריעדענקייט האָט זיך אויסגעגאָסען אויף זיין פּנים. א שעהנע, יונגע ווייבעל, נישט גאָר קיין נאָהענטע בעקאַנטע, האָט איהם געכאַפּט אונטער'ן אָרעם און געצויגען:

— הערמאַן, קומט איבער'ן זאַל...

— אַך, איך דאַנק אייך... איך האָב ליעבער צו שטעהן און צו בעטראַכטען די פּאָרלעך. עס איז קאָמיש, אבער אנגע־נעהם און אינטערעסאַנט... לאָזט מיך אליין..

דאָס שעהנע ווייבעל האָט זיך בעליידיגט, זי האָט אבער ניט געקענט פון איהם אוועקגעהן און זי האָט זיך געחנ'דעלט:

— איך בין דאָ איינע אליין... איהר זייט א שלעכטער...

— אָ, ניין! — האָט הערמאַן זיך צוריק גע'חנ'דעלט — גאָר ניט קיין שלעכטער... אבער אייער מאַן וועט דאָך זיין אייפערזיכטיג...

— אָ, ניין, מיין מאַן איז אַזאַ גוטער, אזא גוטער... איבריגענס איז ער גאָר ניטאָ היע... ער איז אוועקגעפאָהרען אויף א פּאָר וואָכען... אָ, איך בענק אזוי נאָך איהם.. וועט איהר מיר אפשר שפּעטער בעגלייטען א היים..

הערמאַנען איז אויסגעקומען אויסצושטעהן א נסיון... דאָס ווייבעלע איז ווירקליך שעהן... אבער ער האָט דאָך ערשט אָב־געמאַכט צו זיין שטאָלץ און ערשט דאַן ווערען א זיעגער, —האָט ער זיך אָנגערופען שטרענג, אבער גרויסמוטיג.

— ליידער קען איך אייך דאָס מאָל ניט בעגלייטען... איך וויל היינט אָבענד איז גאַנצען זיין פריי. איהר וועט מיר מוזען ענטשולדיגען. איך קען ניט...

ער האָט געמיינט אז ער האָט איבערגעכאַפּט די מאָס. דאָס ווייבעלע וועט ווערען בייז און וועט איהם אָבזידלען און ענטלויי־

פען פון איהם. אבער ניין, זיין שטאָלצער טאָן האָט איהם אין איהרע אויגען נאָך מעהר אויפגעהויבען. זי האָט אויף איהם גע־קוקט מיט פערליעבטע בליקען און געפליסטערט:

— איך האָב היינט צו אייך קיין גליק ניט... איהר זייט היינט אזוי אנציהענד... קומט הערמאַן... איך האָב אייך היינט ליעב...

הערמאַנס געזיכט האָט זיך צושטראַהלט. אויב אזוי וועל איך שוין דערפיהרען ביז'ן סוף.

— „ניין, מיין גנעדיגע פרוי, — האָט ער קאָקעטירט.— איך בין היינט ניט געשטימט פאַר די פרויען... איך וויל בלויז בעאָבאַכטען, זעהן, הערען און אליין בלייבען אָן דער זייט, ניט אנטהייל נעהמען. איך בין שוין, שליסליך, ניט קיין יונגער מענש — האָט ער געענדיגט מיט אַ מענערליכען קאָקעטישען שמייכעל.

— ווירקליך, ווירקליך! — האָט זיך דאָס ווייבעל צושריען פאַר כעס, וואָס ער איז אזוי הארטנעקיג, — ווירקליך, זייט איהר שוין אַן אַלטער מאַן, אז איהר זאָגט זיך אָב פון גליקען...

ביים וואָרט גליקען, האָט איהר יונג שעהן פּנים'על בעקו־מען אַ ראָזעווע פאַרב. די אויגען, וועלכע זי האָט אויף איהם אויסגעשטעלט, האָבען געפינקעלט מיט אַ ספּעציפישען פייערל.

— ליידער, ליידער... — האָט זיך בערמאַן ניט אונטער־געגעבען... ליידער, ליידער...

און אַ נויג טהוענדיג זיך, איז ער אוועק פון איהר.

---

ער איז געבליבען שטעהן ביי אַ קליין טישעל, ביי וועל־כען עס איז געזעסען אַ פרוי אָנגעשפּאַרט אָן צוויי שעהנע לאַנגע הענד מיט ענטבלויזטע אַרעמס דעם שעהן פריזירטען קאָפּ מיט אַ געפלאָכטענע קרוינדעל אין פריזור... ער האָט זי אָנ־געקוקט און געוואָלט שוין אוועקגעהן, אבער די פרוי האָט אויפ־געהויבען אויף איהם איהרע אויגען און האָט בלויז איין קוים־

בעמערקבאַרען שמייכעל געטהאַן... ער האָט איהר צוריק אַ שמיי־כעל געטהאַן... זי האָט איהם אַ וואונק געטהאַן מיט איין פינ־גער, אַ לאַנגער, אַ ווייסער, אַ ליליען פינגער... מיין גאָט... האָט ער שיער ניט אויסגערופען — וואָס פאַר אַ פינגער... ער וועט זיך בלויז צווצען... אַ, ער איז היינט אין אַ שטאָלצער שטי־מונג — ער וועט זיכער אויסהאַלטען !...

— איהר זייט מיר ווי בעקאַנט... — האָט ער אַנגעהויבען און געפיהלט, אַז אַ געוויסע מאָס שטאָלץ, מיט וועלכער זיין האַרץ איז נאָר וואָס פול געוועזן, האָט שוין די פּאָר אויגען איה־רע אויסגעצאַפּט... — יאַ, מיר דאַכט איך האָב אייך ערגעץ וואו געזעהען...

— איהר זאָגט ליגען... — האָט זי דרייסט געשמייכעלט— וואו האָט איהר מיך געקענט זעהען, אַז איך בין ערשט דאָ אין שטאָדט איינציגע טעג, ביי אַ מאַנטע...

— אַך, ענטשולדיגט, — האָט ער שוין געשטאַמעלט און געפיהלט, ווי פון זיין שטאָלץ איז שוין אויסגעצאַפּט אַ גרויסער טייל... — יאַ, מיר האָבען אַפּט טעות'ן... — ער האָט געוואָלט זיך נעהמען מיט זיין פריהערדיגען שטאָלץ, איגנאָרירען זי און בעהערשען זי, אבער אַזוי ווי קיין שטאָלצע פראַזע האָט ער ניט געפונען אין דער דאָזיגער הייסער מינוט, האָט ער אַ זאָג געטהאַן פון העפליכקייט וועגען :

— וועלכע שעהנע פינגער איהר האָט !...

זי האָט אויסגעצויגען איהר האַנד, בעטראַכט איהרע פינ־גער, ווי זי וואָלט זיי אַליין דאָס ערשטע מאָל געזעהען און זיך אָנגערופען :

— ווירקליך ?...

ער האָט זיך שוין אינגאַנצען פערלאָרען : ניט נאָר די פינ־גער, נאָר איהר שטים... אַזאַ שטים האָט ער נאָך קיינמאָל ניט געהערט...

— אַ, איהר זייט אַ קעניגין !

— אך, איהר רעדט שוין ווי א פערליעבטער. — האט זי אפען חוזק געמאכט און געשפּיעלט אויפ'ן טיש מיט איהרע לאנגע פינגער.

ער האט געוואלט עפּעס זאגען שטאלצעס, מוטיגעס, גרויסעס, אבער דער שטאלץ איז שוין געווען אין גאנצען אויסגעצאפּט, און ער האט זיך געבעטען:

— ערלויבט מיר קושען אייערע פינגער!

זי האט איהם ווי א קעניגין אויסגעצויגען איהרע הענד. ער איז ווי פער'שכור'ט געבליבען פון זיסען דופט און אראמאט, וואס האט פון זיי געשלאגען. ער האט זי א קוש געטהאן אין ארם...

— אך, איהר ערלויבט זיך צופיעל! — איז זי געווארען שטרענג — איהר האט דאך געבעטען אין די פינגער...

ער האט זיך געפיהלט פערזינדיגט און פערשולדיגט... זי איז דאך גערעכט: וואס געהט ער אזוי ווייט — פון איהרע פינגער ביז די ארעמס איז דאך אזא ווייטער וועג... ווי אזוי האט ער פערבלאנדזשעט... און וואס איז עפּעס ווענען זיין שטאלץ?...

זי האט אויף איהם אנגעשטעלט איהרע אויגען, גרויסע גרינע און אפשר בלאהע אויגען. ער האט דעם קאליר ניט געקענט בעצייכענען. אזוינע אויגען האט ער זעהר זעלטען געזעהן. די אויגען האבען אויף איהם געקוקט מיט שטרענגקייט און מחילה...

— דאס מאל בין איך אייך מוחל... — האט זי ענדליך א שמייכעל געטהאן.

עס איז פערבייא קעלנער.

— בעשטעלט עפּעס — האט זי ווי בעפוילען.

— אך, מיט פערגניגען! — האט ער זיך אנגעכאפּט.— וואס טרינקט איהר... וויין?

— וויין?... — האט זי זיך געקווינקעלט — עס איז דען דא גוטער וויין?

דער קעלנער האָט גלייך ארויסגעכאַפּט א וויין־קאַרטע, אנגעוויזען מיט א פינגער אויף א געוויסען סאָרט. ביי דער זייט איז געשטאַנען א שטרענגע ציפער — דער פּרייז... הערמאַן האָט זיך דערמאָהנט, אז אין טאַש האָט ער ניט פיעל... טאָמער קומט אויס צו נעהמען א פיאַקער!... פערפאַלען!... ער האָט גלייך בעשטעלט.

זי האָט אויף איהם געוואָרפען א גוטמוטיגען בליק און געפרעגט:

— איהר זייט רייך?...

— אָ, ניט זעהר, אבער...

— איך האָב גישט ליעב קיין אָרימע לייט... — האָט זי געלאַכט.

— אָ, ניין — האָט זיך הערמאַן דערשראָקען — איך בין ניט אָרים...

הערמאַן האָט זיך גענומען גריבלען אין זיין האַרץ, אויס־צוגעפינען א שטיקעלע שטאָלץ, כאָטש א קליין טיילכעל, ווען ניט, איז ער פערלאָרען.. די דאָזיגע פרוי וועט איהם מאַכען צום נאַר. ער פיהלט עס, ער זעהט עס פאָר... אָבער קיין וועג צוריק איז שוין ניט געווען... דער וויין איז שוין געבראַכט גע־וואָרען... דער קעלנער האָט עס גראַציעז אויפגעמאַכט און אָנ־געגאָסען צוויי בעכער...

— פּראָזיט! — האָט זי אויסגערופען און מיט גראַציע אָבגעטונקט אין בעכער איהרע ראָזע ליפּען מיט א קליין שפּי־צעל פון רויט־בלוטיגען צינגעלע.

הערמאַן האָט זיך פערלוירען, פערגעסען, ער איז ענטציקט געוואָרען...

— ערלויבט מיר אייך צו קושען אין די ליפּען...

— אָ, האָט זי געשמייכעלט — דאָס איז נאָך צו־פריה...

ער האָט אויסגעטרונקען דעם בעכער וויין מיט איין מאָל,

ווי ער וואלט געוואלט לעשען א גרויס פייער, וואס עס האט אנגעצונדען זיין הארץ, זיין נשמה, זיין גאנץ וועזען.

— ווי רופט מען אייך?

— בעללא! — האט זי ווי אויסגעזונגען...

— פון וואנען קומט איהר?

— פון דער וועלט... — האט זי חוזק געמאכט.

— צו וועמען און וואוהין?...

— צו אלע און צו קיינעם ניט, איבעראל און ערגעץ ניט...

— איהר זייט א קעניגין! — האט ער געזאגט נאכ'ן צווייטען גלאז וויין.

— אבער א בייזע... — האט זי געלאכט, א זעלבסטהערשערין... קיין גנאד פאר מיינע אונטערטאנען...

— פאר מיר יא! — האט ער זיך געבעטען.

— ניין... איבריגענס בין איך היינט דא ניט אליין...

און איידער הערמאן האט געהאט צייט עפיס צו פרעגען, איז ווי אויסגעוואקסען נעבען טישעל א הויכער, גראציעזער, רייכגעקליידעטער יונגער מאן...

ער האט געווארפען א בייזען בליק אויף הערמאנ'ען, א פריינדליכען צו דער קעניגין און געזאגט:

— מיר געהען...

— יא...

זי האט זיך אויפגעהויבען פונ'ם ארט, אויסגעצויגען נאכלעסיג די האנד הערמאנען, און קיין איינציגס ווארט...

זי איז פערשוואונדען פון די טרעפ. הערמאן איז געבליבען ביי א האלבען בעכער ניט דערטרונקענעם וויין. איהר בעכער איז געשטאנען פול... און האט אנגעקוקט מיט חוזק הערמאנ'ס בעכער.

ער האט האסטיג אויסגעטרונקען ביז'ן דעק זיין בעכער און האט זיך געלאזט איבער'ן זאאל.

ער האָט שוין גענאַרט און געזוכט דאָס פריהערדיגע שעהנע ווייבעלע... יענע אָבער האָט אַרויסגעשפּאַצירט מיט אַ צווייטען.

בעמערקענדיג הערמאַנ'ען האָט זי אויף איהם געוואָרפען אַ אינגנאָרירענדען בליק און האָט זיך הויך געווענדעט צו איהר קאַוואַליער:

— לאָמיר געהן... יאָ?

— מיר געהען...

הערמאַן איז געבליבען אַליין...

ער האָט געטראַכט פון זיין פריהערדיגען שטאַלץ און פון דער פרוי בעלאַ, וואָס געהערט צו אַלע און צו קיינעם ניט, און וואָס אַלע מיטלען זיינען נישטיג צו דערגרייכען דאָס, וואָס דאָס מענשליכע האַרץ בעגעהרט...

# דער פּראָלעטאריער.

בעריל דער ישיבה־בחור אין נייעם קלויז האָט קיינמאָל ניט געהאַלטען פון זיך און איז געווען שטענדיג שטאַרק אָראָב־געפאַלען ביי זיך מיט זיין תורה, וועלכע ער האָט געלערענט ניט לשמה, נאָר טאַקע צוליעב די „טעג“ און צוליעב דער האַר־טעשׂ באַנק אין בית־המדרש, וואו ער האָט יעדע נאַכט זייטע ביינער אויסגעגלייכט. אודאי קען מען אויף זיך אליין קיין גרויסען כבוד ניט לעגען. אז עסען עסט מען פרעמדם און שלאָפען שלאָפט מען אין קלויז, צוזאַמען מיט א פּאָר בטלנים און אויף אַמאָל, אין א ווינטער נאַכט, מיט דעם שטאָדט־משוגע'נעם, וואָס גנב'עט זיך אריין שפּעט ביי נאַכט און כאַפּט א „משוגע'נעם“ דרעמעל אויף דער נעגענאיבערדיגער באַנק, וואו ער, בעריל, שלאָפט.

און אזוי ווי בעריל האָט קיינעם ניט געקענט, אויסער די בעלי־בתים און יונגע לייט פון בית־מדרש, וואו ער האָט געלע־רענט, איז זיין השגה וועגען מאַכט און גדולה ווייטער פון דעם דאָזיגען „קלאַס“ ניט נעגאַנגען. זיי האָט ער בעטראַכט פאַר די גרויסע, פאַר די שטאַרקע, פאַר די פרייע, פאַר די מענשען מיט א „בחירה“, און אין פערגלייך מיט זיי האָט ער זיך געפיהלט. ווי א ווערימעל.

און געטרוימט האָט שטענדיג בעריל צו ווערען אויף אַמאָל א בעל־הבית, א יונגערמאַן מיט א ווייב, מיט א „שטאָדט“ אין בית־מדרש און מיט אן אייגענעם „טיש“.

ווי אזוי אבער וועט ער עס דערגרייכען, האָט ער ניט גע־וואוסט. ער האָט אפילו געגלויבט, אז פריהער אָדער שפּעטער

וועט ער חתונה האבען. אבער פון חתונה האבען ביז ווערען אליין א בעל־הבית איז זעהר ווייט. אט איז דא אין בית־מדרש דער בריסקער פרוש, אויך א בעווייבטער, און פונדעסטוועגען איז ער אין אזא מצב, ווי בעריל אליין. און אז יענער האט שוין א „שבת“ ביי א שעהנערען בעל־הבית, איז דען שוין גוט? ווען דער „שבת׳דיגער“ בעל הבית זיינער איז א חסיד, מוז ער זינגען זיינע חסיד׳ישע זמירות, כאטש בערל אליין איז א מתנגד.

און בעריל איז געווען שטענדיג אומעטיג, פערטראכט. און אויף די בעלי־בתים פון בית־מדרש האט ער געקוקט מיט גרויס דרך־ארץ און מיט שטארק ארֵאבגעפאלענקייט. דערזעהענדיג א בעל־הבית נישט ווייט פון זיך, פלעגט ער זיך אויפשטעלען און נישט וויסען, וואוהין צו טהאן זיין קליינעם, דארען גוף...

א בעל־הבית האט ביי בערלען געהייסען יעדער, וואס איז נישט קיין בעל־מלאכה. אפילו לייב דער געפאלענער, וואס לעבט שוין צעהן יאהר פון קצבה, איז ביי איהם געשטאנען העכער פון חיים דעם שניידער, וואס האט געהאט אן אייגענע שטוב און איז בכלל געווען נישט קיין עם־הארץ און פלעגט אמאל נאכ׳ן דאווענען זעצען זיך אין בית־מדרש ביי א ספר.

— ס׳איז פארט א בעל־מלאכה! — פלעגט בעריל בע־שליסען, קוקענדיג דאן אויפ׳ן שניידער — עס איז גאר אנ׳אנ־דער שניט!... — וועגען די יונגע ארבייטער האט בעריל גאר נישט געוואלט טראכטען — אויף זיי האט ער שוין לאנג א מאך געטהאן מיט דער האנד. — דאס זיינען חמורים!

און פלוצלונג, אין דער לעצטער צייט, דערוויסט זיך בע־ריל, אז אט די בעלי־מלאכות זיינען די גרעסטע יחסנים אויף דער וועלט. אז זיי הייסען גאר נישט קיין בעלי־מלאכות, נאר אויף לעטיין — פראלעטאריאט, און נאר דער פראלעטאריאט איז דער בעל־הבית פון דער וועלט, אלץ געהערט צו איהם, ער

האט אַלץ בעשאַפען און מיט דער צייט וועט ער טאַקי אַלץ אַנ־נעהמען און ער וועט געוועלטיגען איבער דער גאַנצער וועלט.

ווי אַזוי דאָס וועט ווערען, קען בעריל נאָך נישט משיג זיין. די עטליכע אידישע בראָשורען, וואָס ער האָט די לעצטע צייט וועגען דעם געלעזען בשתיקה אין בית־מדרש, האָבען דאָס נאָך איהם נישט דערקלערט. נאָר וואָס איז שייך? דעם גן־עדן האָט איהם די גמרא אויך נישט דערקלערט און פונדעסטוועגען גלויבט ער דאָך. היינט פאַר וואָס זאָל ער נישט גלויבען אין פּראָלעטאַריאַט, אין וועלכען די גאַנצע וועלט גלויבט.

און בעריל זעהט טאַקע בחוש, אַז דער יחסן איז דער בעל־מלאכה, דער פּראָלעטאַריאַט; די בעלי־בתים — שטעהט אין די ביכלעך געשריבען — וועלען אונטערגעהן — „אַזוי ווי אַ מעקענע פון אַ ווינד" — גיט בעריל אַ משל פון תהילים אין גע־דאַנק, און זעהט נקמה און ער האָט אויף זיי גאָר קיין רחמנות נישט. און וואָס וועט ער זיי אין דער אמת'ן זשאַלעווען? דעם גרויסען נחת, וואָס ער האָט פון די בעלי־בתים געהאַט!... סך־הכל האָט ער אויף אַלע „טעג" זיך זאַט נישט אָנגענעסען — זאָלען זיי פערשוואונדען ווערען! רעדט ער אוים מיט כעס.

אָבער וואָס וועט זיין מיט איהם, ווער איז ער? דער גע־דאַנק האָט איהם קיין רוה ניט געגעבען... צום בעל־הבתי'שען קלאַס געהערט ער געוויס ניט, אַ שענער בעל־הבית איז ער, אַז ער האָט אַפילו קיין קעסטיל ניט, און די איינציגע פאַר העמדער, וואָס ער פערמאָגט, ליעגען אין אַ שטענדער, וואָס האָט גראָד אַ טהירעלע מיט אַ שלאָס.

אָבער קיין פּראָלעטאַריער איז ער דאָך אויך נישט. אַרביי־טען אַרבייט ער ניט.

און ווער ווייס? אפשר יאָ, לערנען לערנט ער דאָך נישט לשמה, נאָר צוליעב די טעג, הייסט דאָך דאָס „טויש", ווי אין די בראָשורען שטעהט. ער גיט תורה, און זיי גיבען עסען. — עס איז אָבער אַ דרש, צווייפעלט ער ביטער — וואָס דאַרפען

די בעלי־בתים מיין תורה, נאָר צוליעב יענער וועלט. און יענע וועלט איז אפשר א זאַך שלא בא לעולם...

אלענפאלס גלויבען דאַך נישט די פּראָלעטאריער אין יע־נער וועלט. קענען זיי דאַך מיר אין זייער חברה נישט ארייג־נעהמען.

אַט, למשל, האָבען די ארבייטער געמאַכט א שטרייק. אז ער וואָלט געווען א פּראָלעטאריער, וואָלט ער דאַך אויך געדאַרפט שטרייקען. ער איז אָבער געזעסען אין בית־המדרש און געלע־רענט, ווי אַלע מאָל. און זאָל שוין זיין, אז ער וואָלט נישט גע־לערנט, הייסט עס דען געשטרייקט! קיינער וואָלט זיך אפילו ניט ארומגעקוקט.

— טאַ וואָס בין איך, ווער בין איך? — פּלעגט בעריל די לעצטע צייט אַלץ מעהר און מעהר זיך פּערטיעפען אין דער פראגע.

צי וועט ער צוזאמען מיט אַלע הענדלער און קרעמער אויך אונטערגעהן, פערשווינדען, ווי א מעקעגע פון א ווינד?...

טרויעריגע געדאַנקען!...

---

ערשט נאָך פּורים, אז בעריל האָט זיך געשטעלט אין א פאַדריאַד רעדלען מצה, האָט ער זיך א ביסעל בערוהיגט.

—איצט בין איך א פּראָלעטאריער, ווי אַלע, האָט ער נישט אָהן שטאָלץ געטראַכט, — איך ארבייט 14 שעה אין טאָג.

דער לעצטער ארגומענט האָט איהם אָבער בעאונרוהיגט. די ארבייטער, די אמת'ע פּראָלעטאריער, האָבען שוין אויסגע־קעמפּפט א סך א קירצערען ארבייטס־טאָג. נאָר די רעדלער אר־בייטען נאָך אַלץ צו פיערצעהן שעה אין טאָג און אמאָל — זעכצעהן.

צו וועמען ווענדט מען זיך וועגען דעם? ווער וויים, צו

וואָלטען די אמת'ע פּראָלעטאריער איהם נישט אויסגעלאַכט, ווען ער זאָל זיך צו זיי ווענדען דערמיט.

און בכלל, ווען קען ער זיך צו זיי ווענדען? ביז פּסח האָט ער אפילו קיין צייט נישט אָבצוקעהרען זיך פון בלעך, און נאָך פּסח איז ער ווידער אויס פּראָלעטאריער.

טאָ ווער איז ער פאַרט? און וואָס וועט מיט איהם זיין, ווען דער פּראָלעטאריאט וועט הערשען אין דער וועלט און די בעלי־בתים, די קרעמער און די הענדלער, הייסט עס, וועלען פערשווינדען, אונטערגעהן?...

וועט ער אויך אונטערגעהן? אוי, ווי איהם ווילט זיך נישט אונטערגעהן!

# די פרעמדע תפלה.

(א בילד פון לעבען אין קאזארמע)

שטיל, טרויריג, מיט אראבגעלאזטע קעפ און מיט א נאַ־גענדיגע בענקעניש אין הארצען זייגען די מוזיקאנטען פון דאַ־נער פאלק אריין אין קאזארמע, נאכדעם ווי זיי האבען בעגלייט צום צוג דעם „זאפאס".

אויפהענגענדיג אויף די הילצערנע הענגערס די אינסטרו־מענטען, האבען זיי אפילו זיך נישט גענומען אבצורייניגען די קאזיאנע שטיוועל, ווי זייער שטייגער איז שטענדיג. שטום, אהן ווערטער, האט זיך ווער אויף דער נארע אויסגעצויגען, ווער אנידערגעזעצט און געטראכט פון דער היים, פון וועלכע זיי זיי־נען אלע אזוי ווייט און פון וועלכער זיי דארפען נאך אזוי לאנג זיין אבגעריסען. ווענינגסטענס האבען זיך אזוי געפיהלט די אי־דישע מוזיקאנטען, וועלכע זיינען בעשטאנען פון 35 מאן. די דריי קריסטען, וואס זיינען איבערגעבליבען, האבען אויסער דאס בענקעניש נאך דער היים, וואס דער אוועקגאנג פון זאפאס האט ביי זיי ארויסגערופען, נאך א בעזונדער ביטער געפיהל דורכ־געלעבט: דריי קריסטען, דריי פראוואסלאוונע צווישען אזוי פיעל „נישט גע'צלמ'טע"!

די אלע דריי, איוואנאוו, יעמעליאנאוו און סטעפאנאוו, האבען זיך צוזעצט אויף איין נארע, הארט איינער נעבען דעם אנדערען און האבען פון איוואנאוו'ס בייטעלע מיט מאכארקע גענומען זיך שטום אהן ווערטער, דרעהען פאפיראסען אין גראבע גאזעטען־פאפיער.

— נעהם נאך אביסעל! — האט ענדליך איוואנאוו, וועל־כער איז שטענדיג קארג געווען אויף אן איבעריג קערענדיל

מאכארקע—זעהר ברייטהערציג, אבער מיט א קול פון אן אבל, ארויסגעזאגט.

— עס, געגוג! — האט יעמעליאנאוו, ווי געריהרט ווע־רענדיג פון זיין חבר'ס גוטסקייט, ווייך געענטפערט, און אום דאך צוליעב צו טהאן זיין חבר, האט ער צוגעשאטען צו זיין פא־פיראס, וואס איז נאך נישט פארקלעפט געווען, נאך א דריי קערענדלעך.

— נעהם דו אויך נאך אביסעל, עס איז ווייניג! — האט איוואנאוו אויך סטעפאנאוו'ן פארגעלעגט.

סטעפאנאוו האט זיך שטום ענטזאגט.

אז זיי האבען שוין די צונויפגעדרעהטע פאפיראסען פער־רויכערט איז צו זיי צוגעגאנגען דער „דערזשורנער", דער איד חיים קאץ, און האט זיי ווייך געמאלדען:

— שוין פארטיג דער אוזשין!

— מיר דארפען נישט דעם אוזשין — האט איוואנאוו זיך טרוקען ענטזאגט, ווי ער וואלט זיך וועלען נוקם זיין.

דער דעזשורער, אן אונטער־אפיציער, האט זיך נישט קו־קענדיג אויף זיין צווייענדיגע ממשלה, וואס ער האט היינט, ווי פערלארען זיך, און האט הכנעה'דיג געפרעגט:

— פארוואס?

— עס וועט זיין ווייניג פאר דיינע „ברידער" — אז וויפיעל זיי זיינען! — האט סטעפאנאוו אונטערגעהאלטען.

— א גאנצע סינאגאגע! — האט יעמעליאנאוו א שטאך געטהאן.

דער דעזשורנע איז אבהענדיג אוועק פון זיי.

— זיי זיינען ברוגז! — האט ער צוגעהענדיג צו א פאר אידישע סאלדאטען געשמייכעלט.

די אידישע סאלדאטען האבען טרויריג געשוויגען.

2.

אין א שעה ארום איז דער דניעוואלניע, בערקע שיף, צו־געגאנגען צום דעזשורנעם און האט איהם געמאלדען:

— איך שטעה שוין צוויי איבריגע שעה — שוין צייט מיך צו בייטען.

— אהא! — האט זיך דער דעזשורנער א כאפ געטהאן — ביזט, ברודער לעבען, גערעכט, און נאך א קליינער פאוזע האט ער הויך איבער דער קאזארמע אויסגערופען:

— וועמעם „אטשערעד“ איז דעם דנעוואלניע צו בייטען?

די אידישע מוזיקאנטען האבען זיך איבערגעקוקט און האבען נישט געענטפערט. אנדערע האבען געקוקט אויף איוואנאוו'ן, וועלכער איז געלעגען אויסגעצויגען אויף דער נארע און האט זיך געמאכט ווי איהם געהט די גאנצע פראגע ניט אן.

— נו, קיינער איז זיך נישט מודה! — האט דער דעזשורנער גוטהערציג געשמייכעלט און געווארט אויף אן ענטפער. ניט דערוואַרטענדיג זיך, האט ער ווידער געזאגט:

— מיר האבען, דאכט זיך, ערגעץ א „טאבליצע פון אטשערעד“. עס וועט אייך שוין דער שווארץ־יאהר אליין נישט העלפען.

ער איז צוגעגאנגען צו דער וואנד, וואו עס איז געהאנגען א צעטעל מיט די נעמען פון די אלע מוזיקאנטען, און האט גענומען לעזען מיט די אויגען, דורכלאזענדיג יענע נעמען, וואס זיינען בעצייכענט געווען מיט א קרייצעלע, ווער עס האט שוין אבגע'פטר'ט זיין אטשערעד.

— איוואנאוו! — האט ער פאר זיך א מורמעל געטהאן — זיין אטשערעד!

דער דעזשורנער האט זיך א קראץ געטהאן אין קאפ, ווי ער וואלט זוכען עפעס אן עצה. ער האט נישט געוואוסט, וואס צו טהאן.

אוועקגעהענדיג פון דער טאבליצע האט ער זיך מיט קליי־נע, ניט דרייסטע טריט געלאזט צו איוואנאוו'ן, בלייבענדיג שטעהן נעבען איהם אין אן אונבעהאלפענער פאזע.

— איוואנאוו! — האט ער איהם שוואך א ריהר געטהאן פאר'ן פוס.

— ניע לאפאי! — האט איוואנאוו וויסענדיג אויף וואס ער דארף איהם, אויפגערעגט אויסגערופען.

דער דעזשורנער האט איהם געוואלט זאגען: דיין אטשעד־רעד, געה בייט דעם רנעוואלניע, ער האט אבער קיין מוט נישט געהאט דאס ארויסצורעדען.

ער איז צוגענאנגען צו איינעם פון די אידישע מוזיקאנטען.

— בלאהשטיין! זיי א גוטער ברודער, בייט דו דעם דניע־וואלנעם!

— עס איז דען מיין אטשערעד?

— ניין — איוואנאוו'ס...

— נו, איז ער חולה?

— לאז איהם געמאך, נישט כדי צו עסק'ן מיט זיי. דריי שטיקלעך גוים... שטעל זיך דו!

— שטעל זיך! שטעל זיך! — איז צוגענאנגען נאך א אידישער מוזיקאנט. — זעהסט נישט ווי בייז זיי זיינען.

— זיי וועלען דאך צולאזט ווערען! — האט בלאהשטיין בעמערקט, און האט געביטען דעם דנעוואלניעם.

איוואנאוו האט זיך שטום איבערגעקוקט מיט יעמעליאנאוו, און סטעפאנאוו האט שוין הויך ארויסגערעדט:

— וואס דען? נאך דניעוואלנע שטעהן: ווענינ זיינען זיי דא.

און די דריי „איבערגעבליבענע" פראוואסלאוונע זיינען מיט א בייזען שמייכעל ארויס אונטען, אין בופעט, פערגיסען די צרות.

3.

ניין א זייגער אין אוועגד איז אריין דער פעלדפעבעל. א הויכער קריסט, מיט א גלאט־געגאלטער מארדע. זיינע וואנסען זיינען געווען פערדרעהט און זייערע צוויי שפיצען האבען גע־קוקט מיט בייזקייט ווי זייגע אויגען, אזוי, אז עס האט גע־דאכט, אז ער האט פיער אויגען.

— זיינען אלע דא? — האט ער געפרעגט מיט א טאן פון אן אלייגהערשער, ווארפענדיג בליקען אין יעדער ווינקעל.

— אלע! — האבען די אידישע סאלדאטען, ווי א כאר, הארמאניש אויסגערופען.

— זעהט־זשע! — האט ער בייז־שמייכלענדיג זיך גע־ווענדעט צו די אידען — זאל מיר פרובען איינער פעהלען! נא פאוויערקו — האט ער א קאמאנדרעווע געטהאן.

די אלע אידישע סאלדאטען האבען זיך אויסגעשטעלט פאר־ווייז. איוואנאוו האט זיך געשטעלט נעבען יעמעליאנאוו׳ן, סטעפאנאוו האט זיך געדריקט צו זיי.

דער פעלדפעבעל האט אנגעהויבען אויסרופען די נעמען, פריהער די אידישע. די דריי רוסישע האט ער ווי מיט א כיון געלאזט צום סוף. ווי אברייניגען מיט זיי די צונג... צוקומענדיג צו די דריי רוסישע געמען האט ער דעם טאן אומגעביטען און נאך יעדער נאמען זייערען האט ער געמאכט א קליין פאוזעלע, ווי ער וואלט זיך בעלעקט...

— נא מאליטוואו! — האט דער פעלדפעבעל א קאמאנדרע־ווע געטהאן, ווי ער וואלט ניט געוואוסט, אז עס זיינען נאר גע־בליבען דריי פראוואסלאוונע.

אלע מוזיקאנטען האבען געמאכט א טריט לינקס, לויט מי־ליטערישען שטייגער, און בהרף עין זיינען זיי אלע געשטאנען מיט׳ן פעלדפעבעל בראש קעגען די הייליגע בילדער.

— אטשע נאש ! — האט דער פעלדפעבעל, אלס חזן, אנ־געהויבען מיט זיין באסאוועו קול צו זינגען.

עס האט געהערשט א שטילשווייגען.

די אידישע סאלדאטען זיינען געשטאנען בלייך. אין דער שטילקייט האבען זיי געהערט הויכע שטעכיגע ווערטער. זיי האבען געשפירט, אז אין דעם שווייגען ליעגט פערבארגען א בייזע כונה... זיי האבען מורא געהאט א קוק צו טהאן אויפ'ן פעלד־פעבעל, אויף די דריי רוסען...

— נו, וואס ווארט מען ? — האט דער פעלדפעבעל מפסיק געווען.

שטיל.

פלוצים, ווי צונויפרעדענדיג זיך געהיים איינע מיט די אנדערע, האט א זעץ געטהאן א גאנצער כאר הויך, הארמאניש און ערנסט. די ווערטער און דער ניגון פון דער פרעמדער תפלה האבען זיך צוגאסען איבער דער גאנצער קאזארמע. די קריס־טען האבען דאס מויל נישט געעפענט. אבער שוין נישט להכעיס צו טהאן, נישט צו ווייזען, אז דא זיינען צופיעל אידען, נאר פון ערשטוינונג און איבערראשונג...

נאך דער תפלה, אז דער פעלדפעבעל איז שטום, אהן קיי־נע בשפעהלונג, ארויסגעגאנגען, האט ווידער גענומען הערשען א שטילקייט. די אידישע מוזיקאנטען האבען, ווי בעטראכטענ־דיג, וואס זיי האבען געטהאן, געשוויגען.

די דריי קריסטען האבען זיך, אוועקזעצענדיג זיך אויף איין נארע און זעהר שטיל זיך נע'סוד'עט.

ענדליך האט זיך איבער דער קאזארמע דערהערט איוואַ־נאוו'ס שטים :

— זשידי חיטרי !

די אידען האבען זיך איבערגעקוקט און געשוויגען.

אין דער קאזארמע האט געהערשט א דריקענדע שטילקייט.

די הייליגע בילדער אין ווינקעל האבען געקוקט מרה־שחורה'דיג.

# דער שכור.

חיים דער מלמד איז געווען א איד א חלוש, האט געהאט א סך מיחוש'ן און דערפאר האט ער געהאט די בעסטע תלמידים; ווייל די מיחוש'ן, האבען אלע געוואוסט, איז איהם געקומען נאר פון דער תורה, און די שטעדטעלשע אידען לאזען א תלמיד־חכם ניט פאלען.

מעהר פון אלץ האט חיים געליטען פון קאפ־וועהטאג.

— איך בין גאר אהן א קאפ! — פלעגט זיך חיים אמאל קלאגען פאר זיינע נאהנטע בית־מדרש אידען — טאמער פערגלוסט זיך אמאל מיין אלטער פרעגלען א שטיקעל הערינג, הרג'ט זי מיר גאר אוועק — פאר טשאד ציטער איך...

נאר נאך מעהר ווי פאר טשאד האט חיים מורא געהאט פאר בראנפען. בראנפען, האט ער געזאגט, איז א מלאך־המות, ראם קענען נאר גוים פערטראגען.

און חיים האט ניט נאר קיינמאל קיין בראנפען ניט געטרונקען, ער האט עס אפילו קיינמאל ניט אנגעזעהן... דער ריח פון בראנפען איז איהם אפילו פרעמד געווען. עס האט זיך אמאל געמאכט, אז, דורכגעהענדיג דעם מארק אין בית־מדרש אריין, איז ער פערטראכטערהייט צוגעגאנגען צו לייבע שענקערס הויז. עפעס א מאדנער ריח האט איהם דעם אטהעם פערהאלטען.

— וואס זאל דאס זיין פאר א ריח? — האט חיים זיך געוואונדערט — אפשר סמאלעניש חלילה, עס קען נאך א שרפה, חלילה זיין.

און חיים האָט געהאַלטען פאַר א חוב אריינגעהן צו לייבען אין שענק אריין און וואַרענען איהם.

— איך בין געגאַנגען פאַרביי — האָט ער געזאָגט אריינגע־הענדיג — הער איך עפּעס א ריח, אפשר איז דאָס סמאַלעניש — אין שטוב דאָ הערט זיך אויך... א גרויל!... וואָס איז דאָס פאַר א ריח?

— וואָס זאָל זיין פאַר א ריח, ר׳ חיים? — האָט לייב געקוועטשט מיט די פּלייצעס — איך הער קיין שום ריח ניט. עס הערט זיך געוועהנליך אין א שענק — בראַנפען...

— אזוי גאָר — בראַנפען! — האָט חיים ווי עפּעס זיך דערמאָהנט — האָט בראַנפען אזא שאַרפען ריח, הייסט עס? פּלאי פּלאים!...

און חיים האָט זיך דערנאָך א גאַנצען וועג גע׳חדוש׳ט, וואָס פאַר א שאַרפען ריח בראַנפען האָט... און ער האָט פאַר בראַנפען נאָך מעהר מורא בעקומען. שמחת־תורה האָט חיים געזעהן, ווי אלע אידען זינגען און מאַכען משוגענע הויות. ער איז אפילו געווען צופריעדען, וואָס אידען זיינען זיך משמח מיט דער תורה, דאָך אינוועניג אין האַרצען איז עס איהם געווען פריקרע: די שמחה זייערע איז דאָך אייגענטליך פון בראַנפען, פון די ביסעל פּראָסטע בראַנפען, וואָס זיי האָבען געטרונקען. און חיים פּלעגט זיך גראַד דאַמאָלס דערמאַהנען אָן נח׳ן, אָן חם׳ן, אָן לוט׳ן, און כדי צו פערטרייבען די מיאוסע געדאַנקען, פּלעגט ער אריינקוקען אין א ספר...

---

האָט זיך אבער אמאָל שמחת־תורה געמאַכט א מעשה, אז אונזער חיים האָט זיך אָנגעשכור׳ט...

ער האָט גראַד דעם זומער געהאַט א שלעכטע קנעלונג, ניט חלילה דערפאַר, וואָס ער האָט זיינע מיחוש׳ן פערלוירען און דערפאַר איז ער נעפאַלענער געוואָרען ביי די בעלי־בתים, — ניין, אזא אומגליק האָט חיים׳ן ניט געטראָפען. ער האָט געהאַט

די זעלבע מיחוש'ן, פערקעהרט, דעם לעצטען זומער איז איהם צוגעקומען נאך גאר א פרישער, עכט אידישער מיחוש: דער גאלדענער אדער... נאך די שלעכטע קנעלונג האט געשטאמט דערפון, וואס א פאר בעלי־בתים, יורדים, האבען איהם ניט בעצאהלט, חיים האט אפילו קיין פאר נייע לאטעס אויף סכות ניט געקענט לאזען לעגען; זיינע שטיוועל האבען שטארק גערונגען, און דאס האט געשאדט צו זיין געזונד; דעריבער האט חיים שמחת־תורה זיך מתיר געמאכט און געדראוועננט אין דער פריה אין א נאהנטען בעל־הבית'ישען מנין. אין מנין האבען געדראוועננט עטליכע פרעהליכע יונגע לייט און האבען חיים'ן פון זיך איבער'ן גאנצען דאוונען ניט אבגעלאזט:

— מיר וועלען אייך, ר' חיים, היינט ביי אונז איינשכור'ן! — האט איינער איהם אין מיטען דאוונען פרעהליך א זאג געטהאן.

— חס וחלילה! — האט זיך ר' חיים דערשראקען — זאל אייך גאט בעהיטען... פאר מיר איז דער ריח פון בראנפען — חיות!

— נישקשה, לכבוד שמחת תורה שאדט נים! — האט נאך איינער אונטערגעהאלטען.

— ניין, ניין! רעדט בעסער גאר ניט! — האט זיך חיים אבגעטרייסעלט.

נאכ'ן דאוונען האט דער עולם אנגעהויבען פרעהליך אונטערהאלטען זיך.

דער בעל־הבית פון מנין האט צוגעשטעלט שטוהלען צום טיש, ארויסגענומען לעקעך און בראנפען און זיך אנגערופען:

— נו, אידען צום טיש!

חיים האט א קוק געטהאן אויף די גרויסע פלאש בראנפען און איז א פערציטערטער געווארען.

— אזא פלאש! — האט ער געמורמעלט — עס פאלט אן א פחד...

ער האָט אָנגעהויבען מיט ציטעריגע הענד צונויפלעגען דעם טלית.

— נו, ר' חיים צום טיש געהט, וואס אנטלויפט איהר? — האָט זיך דער בעל־הבית פון מנין צו איהם געווענדעט.

— ניין, ניין! — האָט חיים צוטומעלטערהייט ארויסגע־מורמעלט — איך טרינק ניט — חלילה!

— א שטיקעל לעקעך חאָטש...

— א שטיקעל לעקעך... מהיכא־תיתי... א שטיקעל לעקעך וועל איך נעהמען.

— ניין! ניין! ר' חיים מוז טרינקען מיט אונז לחיים! — האָט א יונגער מאַן אויסגערופען — אנדערש ניט. ר' חיים מאכט קדוש!

— קדוש וואָלט איך געמאכט מיט'ן גרעסטען כבוד, נאָר אויף מעד... איהר וואָלט געהאט אביסעלע מעד, וואָלט טאקי זעהר גוט געווען...

— וואָס טויג אייך די מעד? פסח צו די סדרים וועט איהר טרינקען מעד — אַט נעהמט א קעלישעק און מאכט קדוש.

— נעהמט, ר' חיים, נעהמט! — האָט דער עולם אונטער־געהאַלטען.

חיים איז געבליבען ווי צומישט. עפּעס א עולם אידען בע־טען איהם, מען קען קיין גראָבער יונג ניט זיין.

— זאָגט מיר, עס איז ניט, חלילה, קיין שפּירעטעס? — האָט ער ווי מיט א געבעט געפרעגט.

— חלילה, חלילה...

— און ניט צו שאַרף? — האָט ער ווייטער געפרעגט, און א טרעהר האָט זיך איהם אין אויג געשטעלט.

— ניין, ר' חיים, ניין! שוואכע בראָנפען, גאָר שוואכע...

— נו, איך וועל מאכען קדוש, איך וועל נעהמען א ביסע־לע, — האָט חיים זיך געמאכט האַרץ...

ער האט געזאגט די ברכה און האט דעם קעלישעק צוגעטראגען צום מויל. די הענד האבען איהם געציטערט.

— נו, נו! — האט איהם דער עולם געטריבען.

— לח — — — — קח. — קח. קח.!... האט ער זיך פונ־אנדער געהוסט און אוועקגעשטעלט דעם קעלישעק אויפ'ן טיש.

— איהר האט דאך גאר ניט געטרונקען, ר' חיים?

— גע — קח. — קח. — גענוג! קח. — קח. — קח.!...

— נו פערבייסט א שטיקעל לעקעך!

חיים האט גענומען א שטיקעל לעקעך. דער הוסט האט איהם געשטיקט און ער האט קוים ארויסגערעדט:

— שארפע בראנפען!... קח. — קח. — קח!...

דער עולם האט זיך פונאנדערגעלאכט.

חיים איז געקומען א היים, געזאגט קוים „גוט יום־טוב", האט זיך אוועקגעשטעלט צום מזרח־וואנד און האט זיך פונאנ־דערגעוויינט.

— מאמע, דער טאטע וויינט? — האבען די קינדער אויס־געשריען דערשראקען.

— וואס איז? הא? חיים? — האט זיך אויך דאס ווייב דערשראקען.

— ניין! ניין! גאר נישט! גאנץ גוט... א מחיה... האט חיים געשמאכעלט. — איך בין שכור... שכור... עפעס וויינט זיך מיר.

— שכור איז ער, בריה מיינער... — האט דאס ווייב זיך געקרימט. געטרונקען?

— גאר נישט, גאר נישט... — האט חיים זי געטרייסט — א מחיה.. עס וויינט זיך.. שארפע משקה...

— משוגענער, געה וואש זיך, אין מיט'ן שמחת תורה גאר וויינען !... לייט טאנצען — און ער וויינט !...

אויף מארגען, אז חיים האט זיך אויסגעניכטערט, האט ער דערציילט פאר זיינע נאהנטע אירען אין בית־המדרש בזה הלשון :

— איהר ווייסט, אז בראנפען איז א טהייערע סגולה צו טרעהרען ! איך האב נעכטען זיך איינגע'שכור'ט, האב איך דעם גאנצען טאג אבגעוויינט, אבער אזוי געשמאק, אז איהר קענט זיך ניט משער זיין. טעם גן־עדן !

# אונזער אננאַ איסאַקאָוונאַ.

(דערצעהלט פון אַן אַרבייטער).

אונזער אננאַ איסאַקאָוונאַ איז אַ פריילין פון מיטעלען וואוקס מיט צוויי שווארצע אויגען און מיט אַ קאָפּ שווארצע האָר.

צי זי איז שעהן?

לויט די מבינות פון אַ בורזשוי איז זי אפשר ניט קיין שעהנהייט. זיי פאַדערען עפּעס אנדערש; ביי אונז אבער איז אננאַ איסאַקאָוונאַ די שעהנסטע פרוי אין דער וועלט, און מיר אַלע ארבייטער זיינען אין איהר פערליעבט און זי איז אין אונז.

„פערליעבט" — קענט איהר אודאי מיינען, אַז ווער פון אונז האָט טאַקע רעיונות וועגען איהר אויף חתונה האָבען, ווי ביי אייך פיהרט זיך. זאָגען מיר אייך, אַז איהר האָט ניט גע־טראָפען דעם אָרט. אונזער אננאַ איסאַקאָוונאַ איז ניט פון די מיידלעך, וואָס רעדען און קלערען פון חתונה האָבען. זי איז נאָר אַנ'אַנדערע, און מיר ארבייטער האָבען זי ליעב אויף אַנ'אַנ־דער שטייגער. איהר קענט עס ניט פערשטעהן.

וואָס איז אונז אננאַ איסאַקאָוונאַ?

ווי זאָל איך אייך זי אָנרופען? מיין טאַטע איז אַ חסיד, וואָלט איך איהר וועלען אָנרופען אַ רבי, אונזער רבי, איך וויל זי אָבער ניט בעליידיגען מיט אַזאַ פערגלייך... איך האָב אַמאָל געלערענט תנ"ך, באַמבעלט זיך מיר שטענדיג אין קאָפּ, אַז אננאַ איסאַקאָוונאַ איז אַ נביאה, אַזוי ווי דבורה, וואָס אין שופטים. זי משפט אונז ארבייטער. עפּעס אַזוי שטעלט זי זיך מיר פאָר... עס קען זיין, אַז דער משל איז אַ נאַרישער, נאָר מיר געפעהלט

ער. אונזער אננא איסאקאוונא איז א מין דבורה הנביאה, און זי לערנט אונז, ווי צו בענעהן זיך מיט די פלשתים.

איהר מיינט, אז דא איז נישטא קיין פלשתים? — האט איהר א טעות. ביי אונז אין רוסלאנד איז דא א סך פלשתים...

קומען מיר זיך צונויף אלע פאר נאכט נאך דער ארבייט אויפ׳ן טראטואר, וואו אונזער בירזשע איז, און וואו דבורה הנביאה, איך מיין אננא איסאקאוונא, ווארט שוין אויף אונז, און מיר, אין קופקעלעך, געהען איהר נאך, און זי דערצעהלט אונז, לערענט אונז און ווארענט אונז.

איך זאג אייך, טאקע א נביאה׳טע! זי ווייסט פריהער ווען א רעוויזיע וועט זיין. און זי האט קיינמאל קיין טעות ניט, און מיט איהר נביאות פערהיט זי א סך אונזערע ארבייטער פון די פלשתים...

אונזער אננא איסאקאוונא איז א גרויסע געלערענטע, זי האט געענדיגט גימנאזיום און איז געווען אין אויסלאנד אין אוניווערזיטעט. זי איז, דאכט זיך, שוין א דאקטארקע, און פון דעסטוועגען רעדט זי מיט אונז אידיש. און אז זי רעדט אידיש, דאכט זיך, אז זי גלעט אונז און טרייסט אונז. איך ווייס ניט, וואס דאס איז; מיר זיינען דאך ניט קיין נאציאנאליסטען, און אידיש האבען מיר מאדנע האלט... עס איז עפעס אונזער לשון... איך ווייס ניט, צי מעגען מיר זיך אזוי אויסדריקען, אבער פאר אייך מאכט דאך ניט אויס. איהר זענט דאך ניט קיין פארטייער... יא, רעדט זי אידיש... וואלט איהר הערען א אידיש! ריין ווי קריסטאל, קיינמאל וועט זי ניט אריינמישען קיין רוסישען ווארט, ווי אנדערע....

ווי איך האב אייך שוין געזאגט, איז אונזער בירזשע אויפ׳ן טראטואר, אויף איינער פון די רייכסטע גאסען. היינט שטעלט זיך פאר, אז מיר ארימע ארבייטער, פילען אן דעם טראטואר אין אונזער ארימען הלוך... פון דעסטוועגען מוז איך אייך זאגען אז אויף אונזער טראטואר איז, דאכט זיך, יום טוב׳דיגער

ווי אומעטום... ביי אונז איז פארהאן נאך א פארטיי, איך וויל אייך ניט אנרופען איהר נאמען. האט זי געמאכט איהר ביר־זשע — איהר ווייסט וואו? אויפ'ן סקווער... געפעהלט אייך א בירזשע אויף א סקווער?.. אונזער אננא איסאקאוונא מאכט פון זיי חוזק! א בירזשע דארף זיי אויף א גאס, דעמאנסטרא־טיוו, אלע זאלען זעהן די מאכט פון ארבייטער־קלאס און מען זאל מורא האבען... און זיי, אויפ'ן סקווער, צומישען זיך מיט דער בורזשואזיע... אז זיי אליין, ראם הייסט פון יענער פארטיי זיינען אויך בורזשואזנע געשטימט... אזוי ערקלערט זי אונז ניט איינמאל און אננא איסאקאוונא קען דערקלערען א זאך, גע־לערנט איז זי גענוג. און א מויל האט זי—פערל! און וואס זי זאגט אונז, איז ביי אונז הייליג.

מיינט איהר אפשר, אז זי איז אנ'ארימע ווי מיר, האט איהר א טעות; איהר טאטע האט אנ'אייגענעם מויער, און איז א בורזשוי מיט אלע ברעקעלעך, נאר זי איז אנ'אמת'ע פראָ־לעטאריערקע, נעהמט ניט ביי די עלטערען וואס א האר איז ווערט און האט טאקע קיינמאל קיין גראשען ניט, האטש אז זי וואלט ווען, וואלטען די עלטערען איהר געגעבען ווי פיעל זי וויל, זי וויל אבער ניט. אויב איהר האט חשק זי צו זעהען, קומט אמאל אויף דער בירזשע, איהר וועט זי שוין דערקאנען. זי געהט פאמעלעך, טריט ביי טריט, און ארום איהר א גאנצע קאמפא־ניע, און פון הינטען א קלענערע קאמפאניע. נאר זייט פארזיכ־טיג ווי איהר קוקט זיך איין. דער עולם קען אייך אננעהמען פאר א שפיאן... עס האט שוין געטראפען אזוינע מעשיות! אננא איסאקאוונא'ס „אכראנע“ שלאפט ניט...

# דער פרומער.

אין דער צייט, ווען דער אלטער בער איז געזעסען אין בית־מדרש א פער׳חלש׳טער פון יום־כפור׳דיגען תענית, א היי־זעריגער פון די תפילות, און האט זיך נאר פון צייט צו צייט געמינטערט מיט א שמעק פון א פלעשעלע „שלאק־וואסער“, וואס ער פלעגט נעהמען ביי זיין שכן, און מיט א שמעק טא־באק, צוליעב וואס ער פלעגט שוין דארפען ארויפגעהן אויף דער בימה צום שמש, — אין דער דאזיגער צייט איז לייבע, זיין זוהן, געזעסען אין זיין צימער, וואו ער וואהנט שוין, זינט ער האט זיך אבגעטהיילט פון פרומען טאטען, און ארום איהם א גאנצע חברה יונגע לייט, גאהנטע און ווייטערע חברים, און האט זיך עוסק געווען אין הכנסת אורחים, זיך געסטארעט, אז קיין הונגעריגער זאל קיינער פון איהם ניט ארויס.

אזוי פיהרט ער זיך שוין פון עטליכע יאהר, זינט ער איז צו זיין שכל געקומען און איז דערגאנגען, אז אלץ איז א גרוי־סער טעות; און סטארעט זיך דערפאר זיין טעות צו פערריכטען, אז זיינע אלטע זינד זאלען פערגעבען ווערען.

נאך ערב יום כפור, בשעת זיין טאטע איז אודאי געלעגען אין בית המדרש נעבען בימה און האט בעקומען מלקות, זאגענ־דיג דערביי תחנון, האט לייבע בעגעגענדיג זיך מיט חברים און בעקאנטע, יעדען אפגעשטעלט און פערבעטען:

— קום, ברודער, ארויף מארגען א זייגער צווי, מיר וועלען צובייסען און גוט פערברענגען.

און די חברים האבען זיך נישט געלאזט בעטען און זיינען געקומען.

און יום־כּפּור א זייגער דריי, ווען אין די בתי מדרשים און אין די קלויזען איז אויף א שעה רוה, האָט זיך ביי לייבען אין צימערל אנגעהויבען די „עבודה“.

און כאָטש דער עולם איז געווען א וואַכעטדיגער, דער בעל־הבית פון צימער'ל אויף דאָס גלייכען, פון דעסטוועגען איז דאָס גאַנצע בילד אויסגעקומען יום־טובדיג. וועניגסטענס ניט ווי געוועהנליך. דער בעל־הבית אליין, לייבע, איז געגאַנגען אהן א ראָק און האָט אַלע פינף מינוט דערגאָסען דעם טשייניק און אנגעצונדען די טהע מאַשינקע, וועלכע האָט געברענט מיט א יום־טוב'דיגען גערויש; געשטאַנען איז די דאָזיגע מאַשינקעלע אין מזרח־וואַנט און דאָס פייער האָט אויסגעזעהען ווי אפּיקורסיש־הייליג... די חברה איז בעשטאַנען פון א מאן 15, אין צימערל האָט זיך געפונען בלויז איין שטוהל און א בעט. אויף וועלכער עס זיינען געזעסען די פּני... די איבריגע זיינען געזעסען אויף דר'ערד און דאָס האָט נאָך דעם בילד צוגעגע־בען א מעהר יום־טוב'דיגען אויסזעהן. אַלענפאַלס, קיין וואַכענ־דיגע זאַך איז עס ניט געווען.

אז לייבע פלעגט זיך אבפּאַרטיגען מיט דעם טהעע קאָכען, פלעגט ער פערנאַנדערטראָגען ישרען צו גלאָז טהעע און הייסען שמירען ברויט מיט פּוטער און שניידען וואורשט. געקויפט טאַקי היינט ביי א גוי...

— שמירט, ברידער, פּוטער און עסט מיט קאָלבאַס. איין מאָל יום־כּפּור!...

— עס פערשטעהט זיך! — האָט איינער פון דער חברה, א דאַרער בחור, מיט א הונגעריגען פּנים — פּאַרטאַקעווער, און האָט אנגעשמירט א שטיק ברויט מיט פּוטער, און ארויפגעלעגט דערויף דריי קיילעכדיגע שטיקלעך וואורשט. געדאַכט האָט זיך, אז דער יונגער מאַן וויל שוין יוצא זיין פאַר נעכטען און אפשר פאַר מאָרגען.

דער דאָזיגער יונגער־מאַן האָט אביסעל געשטערט לייבעס

שטימונג. ניט דאָס מיינט ער! ער איז דאָך ניט אויסען צו געבען עסען גלאַט הונגעריגע, נאָר אַזעלכע וואָס האָבען יום־כפור ניט וואו צו עסען. אויף א הונגעריגען פון א גאַנץ יאָהר איז היינט גאָר ניט אַזאַ מצוה...

אָבער קיין סך קלערט ער דעריבער ניט. ער טרייסט זיך גלייך, אז אפילו געבענדיג אַזאַ יונגען־מאַן היינט עסען איז אויך עפּעס ווערט. דער אמונה איז דאָס אויף א פּאַטש אין פּנים, און מעהר איז ער ניט אויסען.

און א צופריעדענער, א גליקליכער פון זיין שליחות, רופט ער אויס, נאָכדעם, ווי אַלע זיינען שוין אַנגעגעסען, אַנגעטרונקען און אַנגערויכערט:

— מ׳האָט עפּעס געדאַרפט א זונג־טהון... „דובינושקא“...

און די גאַנצע חברה, חוץ דעם הונגעריגען יונגען־מאַן, וועלכער האָט זיך פּלוצים מישב געווען און האָט אָבגעשניטען נאָך אויף דאָס ניי א שטיק ברויט און בעשמירט מיט פּוטער, בעלעגט מיט וואורשט — האָט א דונער געטהאָן „דובינושקא“...

דער בעל־הבית אליין, לייבע, האָט קיין שטימע ניט געהאַט, ער האָט נאָר אין דער שטיל אונטערגעזונגען, גלאָצענדיג ביי די שאַרפע ווערטער פון ליעד פרום די אויגען.

— און נאָך א ליעד! — האָט ער א קאָמאַנדעווע געטהאָן. „אַטרעטשיאַמסיא!“ האָט איינער אַנגעוויזען.

און דאָס צימער׳ל איז ווידער פול געוואָרען מיט געזאַנג, נאָך שטאַרקער ווי פריהער, ווייל דער הונגעריגער יונגער־מאַן האָט שוין געענדיגט עסען און, זייענדיג שוין זאַט אויף אַנ׳אמת און צוליעב דעם — פרעהליך, האָט ער זעהר הויך געזונגען.

— אַט אַזוי, האָב איך ליעב! — האָט לייבע בעגייסטערט גערעדט, בעטראַכטענדיג זיין חברה, און בלייבענדיג שוין צופריעדען אפילו מיט דעם הונגעריגען יונגען־מאַן.

אין מיטען זינגען האָט זיך דערהערט א קלאַפּ אין טהיר.

— שא! — האט דער בעל־הבית איינגעשטילט דעם כאר. ווער ווייטער?

— טעלעגראמא! האט זיך דערהערט א גראב קול.

— א רעוויזיע! — האט איינער פון די חברה דערשראקען אויסגעשריען.

די טהיר האט זיך געעפענט און עס זיינען אריין מיט א הילכיגען געלעכטער דריי מיידלעך.

— אהא, דערשראקען? — האט איינער מיט א מאנסביל־שען קול לאכענדיג געפרעגט.

דער בעל־הבית איז פון די נייע געסט געווארען צוטומעלט. מען האט שוין אלץ אויפגעגעסען. זיי זיינען אודאי הונגעריג.

— איהר ווילט דאך עסען... הא?... — האט ער בעזארגט געפרעגט.

— נאך א מין ווערען! — האט די מיידעל מיט'ן מאנס־בילשען קול אויסגעשריען. — מיר האבען דאך עפעס א חזקה צו עסען ביי אייך אלע יום־כפור.

לייבע ניט ענטפערענדיג א ווארט, האט גלייך ארויסגע־כאפט אויף זיך דאס רעקעל און אבגעבענדיג א בעפעהל דעם הונגעריגען יונגען־מאן אנצינדען די מאשינקע און מאכען טהעע, איז ער ארויס געלאפען עסענווארג קויפען...

אין עטליכע מינוטען ארום איז ער געקומען מיט א פאפירענעם זאק, וועלכע ער האט ארויסגענומען פון אונטערן פאלע.

—זיך בעגעגענט מיט א פאר יודען... — האט ער לא־כענדיג דערצעהלט... — סכנות נפשות...

— נישקשה, — האט דער הונגעריגער יונגער מאן גע־טרייסט — שליחי מצוה אינן נזקין.

און דער עולם האט זיך גענומען ווידער צו דער עבודה. דער בעל־הבית האט נאר אכטונג געגעבען, אז די פרויען זאלען עסען: אַז זיי איז איצטער מעהר מצוה.

און מיט א פרום פנים, מיט שטראַהלענדע אויגען האט ער זיי אלע ווײלע געבעטען.

— עסט און טרינקט! באלד וועלען מיר אלע עפּעס זינגען...

# דער רעוואָלוציאָנער.

ניט געזעהן האָב איך חיים'ען שוין אַ פּאָר יאָהר, זייט די רעאַקציע האָט זיך אָנגעהויבען, און איך האָב געמוזט פערלאָזען די שטאָדט, וואו איך האָב אָנגעפיהרט, צוזאַמען מיט איהם טאָקע, דריי סטרייקען. קומענדיג צוריק אין דער זעלבער שטאָדט אונטער אַן אַנדער נאָמען, בין איך אריין צו זיינע עלטערען פרעגען אויף איהם.

— ווי אַזוי האָט ער זיך אַרויסגעדרעהט? — איז געווען מיין ערשטע פראגע.

— איהם האָט אָפּגעשפּיעלט אַ גליק — האָט מיר זיין פאָטער, אַ ליבעראַלער איד, געענטפערט, — נאָך אייער אַוועקפאָהרען האָבען זיך אָנגעהויבען די שרעקליכסטע און דומסטע אַרעסטען... מען האָט אַרעסטירט קרעמער, מלמדים אפילו. עס האָט געהאַלטען מען זאָל דעם ראַבינער אַרעסטירען און פערשיקען... איהר פערשטעהט אונזער ראַבינער!... איהם אבער, חיים'ען הייסט עס, האָט מען גראָד צו רוה געלאָזט...

— איז וואָס־זשע מאַכט ער? — האָב איך נייגעריג געפרעגט.

דער פאָטער איז טרויעריג געוואָרען און האָט געענטפערט:

— מאַכען מאַכט ער ניט אַזוי גוט — ער איז מעלאַנכאָליש געוואָרען... בענקט נאָך דער רעוואָלוציע...

— ווער בענקט דען ניט... — האָב איך אַ זיפץ געגעבען.

— יאָ... יאָ... מיר בענקען אַלע, אָבער ביי איהם דריקט זיך עס אויס אין אַן'אַנדער פאָרם... איבריגענס איז ער ביי זיך אין צימער. ער זיצט אַ גאַנצען טאָג אין צימער... געהט

ערגעץ ניט ארויס...

איך בין אריין צו איהם אין צימער...

ער האט מיך גלייך דערקענט, איז אבער ניט נתפעל גע־וואָרען פון מיין קומען. פונקט ווי ער וואָלט מיך ניט בעמערקט...

— חיים, וואס מאכסטו, וואס ביסטו אזוי מוטהלאז.... דערקענסט מיך ניט ?

ער האט אויפגעהויבען זיינע גרויסע שווארצע, ברענענ־דע אויגען, א טרייסעל געטהאן מיט'ן קאפ בעדעקט מיט גע־דיכטע לאנגע האר, וועלכע האבען זיך צושאטען אין לאקענס אויפ'ן ווייסען הויכען שטערן און האט ארויסגעמורמעלט:

— איך דערקען דיך אויסערליך...

— וואס הייסט אויסערליך ? — האב איך מיך פערוואונ־דערט און איהם מיט חשד אנגעקוקט...

— אויסערליך זייט איהר אלע די זעלבע מענשען.

— און אינערליך ?...

— אינערליך זייט איהר שעפעלעך...

איך בין געבליבען א ווייל פערווירט און האב קוים גע־פרעגט:

— און דו ?...

— איך ? — האט ער איבערגעפרעגט — איך בין ניט גלייך צו אייך...

— וואס טהוסטו א גאנצען טאג, חיים ?... — האב איך איהם געפארשט.

— איך ? — א שמייכעל האט בעדעקט זיין שטאלצען געזיכט — איך לעב אין א וועלט פון רעוואלוציעס...

— וואס הייסט ?

— דו וועסט עס ניט פערשטעהן... האט ער זיך מרחה געווען פון אנ'ערקלערונג...

— לעזסטו עפעס צייטונגען... אינטערעסירסטו זיך מיט דער דומע ?...

ער האט אויף מיר מיט א שפּאטיש מינע א בליק געוואר־פען און געזאגט:

— פאר מיר עקזיסטירען ניט קיינע צייטונגען און קיין דומע... איך האב מיינע צייטונגען...

— וועלכע?...

— וועלכע? — האט ער איבערגעפּרעגט — אט די אלע צייטונגען, וואס זיינען ערשינען אין יענע פרעהליכע, פרייע און היסטארישע טעג...

— אלטע צייטונגען? — האב איך אויסגעשטעלט די אויגען...

— אלטע, זאגסטו! — האט ער געלאכט — פאר מיר זענען זיי איביג ניי...

דערביי האט ער גענומען זיך גריבלען אין א פּאק צייטונ־גען, ארויסגענומען פון דארט איין נומער און מיט שטראהלענ־דע אויגען מיר אנגעקוקט:

— דערקענסטו אט דעם נומער, וואו עס איז געווען גע־דרוקט דער מאניפעסט פון די ארבייטער־דעפּוטאטען. נא, לעז דורך... לעז! — האט ער מיר גערוקט די צייטונג אין פּנים אריין... דאס זיינען ווערטער... דאס איז א פליה!

— ס׳איז דאך אבער אן אלטער נומער... — האב איך שוואך און דערשראקען געזאגט...

— נו, טא לעז די היינטיגע צייטונג, וואו מען בעט זיך, וואו מ׳רעדט תחנונים... איך קען זיי ניט לעזען, ברודער, מיך עקעלט... איך האב מיך אבגעוועהנט... מיין הארץ דורשט נאך א פרייען, דרייסטען ווארט...

— און אז דו לעזט איבער די אלע נומערען, וואס טהוסטו דאן?...

—דאן? איך האב גענוג צו לעזען... — האט ער שטאלץ געענטפערט — ביי מיר אין צימער זיינען דא די בעשרייבונגען פון אלע רעוואלוציעס פון דער גאנצער וועלט און פון אלע ציי־

טען... די אַטענישע, די רוימישע, די פראַנצויזישע, די איטאַ־ליענישע, די עסטרייכישע, די היספּאַנישע... מיין צימער איז אַ נעסט פון רעוואָלוציעס...

זיינע אויגען האָבען געשטראַהלט... איך האָב אויף איהם געקוקט מיט בעוואונדערונג און נאָך אַ קליינער פּויזע האָב איך איהם געפרעגט:

— און די רעאַקציע אין רוסלאַנד?...

— די רעאַקציע... — האָט ער בייז אויסגעשריען און זיין געזיכט האָט זיך ווילד פאַרקרימט... ביי מיר אין צימער איז ניטאָ קיין זכר פון איהר... איך לאָז איהר ניט צו... קיין קלאַנג דרינגט פון איהר ניט אריין אהער... ביי מיר אין צימער הערט זיך דער דונער פון באָמבעס; מיניסטאָרען, זשאַנדאַרען ווע־רען צוריסען אויף שטיקער... שטעדט ווערען באָמבאַרדירט פון רעוואָלוציאָנערען... מאָטראָזען דערשיסען זייערע קאַפּי־טאַנען... לעטען ערקלערען אַ רעפּובליק...

און אָבכאַפּענדיג דעם אָטהעם, האָט ער הויך זיך געבייזערט:

— ביי אייך איז אַ רעאַקציע, ביי מיר איז אָבער די רע־וואָלוציע אין רעכטען פייער... אָט־אָ! — האָט ער מיר ווילד אָנגעוויזען אויף אַ פּאַק צייטונגען... אָט דאָס איז עס... איך היט זיי ווי די אויג אין קאָפּ...

— ער איז קראַנק! — האָב איך אין געדאַנק אויסגע־שריען.

דאָך האָב איך איהם מקנא געוועזן...

1908.

# אנזיכטס־קארטען.

בער שאבשאוויטש איז א מוכר ספרים בן מוכר ספרים. זיין קראם מיט די ספרים איז איהם געבליבען בירושה פון זיין אלטען טאטען. זיינען אבער געקומען אנדערע צייטען און א סך ספרים ליעגען ווי שטיינער ערגעץ אין די הינטער רייהען. פארקעהרט. די נייע ביכער און ביכלעך ליעגען אדער אויפ'ן טיש אדער אין די פאדערשטע רייהען און זייערע פאדערבלעט־לעך מיט די פערשידענע פארבען קוקען, ווי מיט העזה און חוזק...

בער שאבשאוויטש איז שוין אליין א איד פון א יאהר עטליכע און פופציג מיט א גראהליכער בארד און מיט לאנג־ליכע פאות. נישט קוקענדיג, וואס ער האט שוין שעהנע עטליכע יאהר צוטהון מיט די נייע סארט ביכלעך, קען ער זיך נאך אלץ צו זיי נישט צוגעוועהנען. און פאר זיינע נאהענטע עלטערע קונים איז ער זיך מודה, אז אנ'אמת'ע הנאה פון פדיון האט ער ערב פסח, ווען ער לייזט פאר הגדות, ערב תשעה באב — פאר קינות און אלול־צייט — פאר מחזורים, דאס איז ער־שטענס — ערקלערט ער — א סחורה, אין וועלכער איך בין א בקי. צווייטענס, איז דאס א יודישע סחורה, וואס געהט קיינמאל נישט אויס פון מארע. זאל זיין טויזענד מאל רעוואָ־לוציע און טויזענד מאל קאנסטיטוציע און הונדערט רומעס — תשעה באב וועט א יוד קויפען א קינה... דאס איז אן אייביגע סחורה! און די היינטיגע, די נייע, איז היינט פערקויפט זיך דאס הונדערטער־וויין, און נאכדעם בלייבט עס ליעגען ווי א שטיין. נאך ערגער ווי די אלטע ספרים...

אז עס וואָלט זיך געווענדט אָן איהם, וואָלט ער עד היום געהאַנדעלט מיט רומ'ל אליין, צו אַלדע שוואַרץ־יאָהר די נייע! ער האָט זיי פיינד, ווי חזיר, וואָרום אייגענטליך זענען דאָך אַלע נייע ביכער און ביכלעך זיינע דם שונאים. מאַכען חוזק פון זיין באָרד און פאות און פון זיין גאַנץ אידישקייט און ווילען פון איהם אַש מאַכען... ער לייענט זיי אפילו נישט, נאָר זייערע נעמען אַליין קלעקט שוין... אָבער זיין זוהנדעל, וועלכען ער האָט שוין עטליכע יאָהר אריינגענומען אין געשעפט, וויל נישט אַנדערש, ווי האַנדלען מיט די נייע. „מיט די אַלטע, טאַטינקע, וועט מען אפילו נישט האָבען פאַר וואָס קראָם־געלד צו צאָה־לען!" און אָט אַזוי איז ביסלעכ־ווייז די קראָם פול געוואָרען מיט טריפה סחורה.

און נישט נאָר מיט די נייע סחורה אליין איז ער נישט צופרידען, נאָר אפילו מיט די נייע קונים. יונגלעך אין בלויע און רויטע העמדלעך, גרויסע עזות־פנים'ער, קומען צוגעהן כאַפּטעס־ווייז און מען רעדט על ה' ועל משיחו... טרייבען זיי קען מען נישט צוליעב צוויי טעמים: ערשטענס האָט ער אַ מסורה, אז מיט קונים דאַרף מען זיך בעגעהן עדעל, און צוויי־טענס איז פּשוט אַ מורא... אַ קליינינקייט — היינטיגע חברה! בשעת עס איז געווען דער שטרייק און ער האָט נישט געוואָלט פערמאַכען די קראָם, האָבען זיי איהם געוויזען פּיסטוילען... אמת'ע פּיסטוילען! פון דאַמאָלסט אָן ציטערט ער פאַר זיי און זאָגט זיי אפילו אַ מאָל אַ חניפה־וואָרט... מען מוז!... אַז אידען זיינען אין גלות ביי גויים און ביי אידען...

נאָר ער וואָלט שוין צו אַלץ צוגעוועהנט ווערען, אי צו די נייע ביכלעך, אי צו די נייע קונים, בפרט, אַז די לעצטע צייט לייזט זיך טאַקע גאַנץ געשמאַק.... האָט זיך אין מיטען דרינען זיין זוהנדעל פערוועלט נאָר אַ נייער מין סחורה — קאַרטלעך מיט צאַצקעס, אַנזיכטס־קאַרטען בלע'ז. פּאָרטרעטלעך אַזעלכע, שמות'עריי! מיט פּאָרטרעטען האָט ער אפילו שטענדיג געהאַנדעלט.

אבער דאס זיינען געוועזן פּארטרעטען פון ווילנער גאון, פון ר' מענדעל ליבאוויטשער; דאס זיינען געוועזן הייליגע פּנים'ער, וואס די שכינה האט אויף זיי גערוהט. אבער די פּאסטקארטען מיט די צאצקעס—אמת'ע „פּסלים". אפילו כלומר'שט אויך אי־דישע. אבער אז אך און וועה צו די אידישקייט! מילא. די קארטען מיט זכרים איז נאך ווי עס איז, אבער מיט די נקבות זאל זיך דער אויבערשטער מרחם זיין — הענד און פיס ציטערען איהם. מוטער־נאקעטע נקבות! און נאך כלומר'שט פון תנך... דבורה, אביגיל, בת שבע און נאך און נאך...

קומט אריין א קונה, בשעת ער איז אליין אין קראם און בעט אנ'אנזיכטס־קארטע, בלייבט ער ווי אין קלעם... ער נעמט ארויס דאס גאנצע קעסטעל, וואו די דאזיגע סחורה ליגט און דערלאנגט מיט אראפּגעלאזטע אויגען.

— קלויבט אייך אויס... זאגט ער פערשעהמט, ווי ער וואלט עפּעס גע'גנב'עט.

דער קונה קלויבט, קלויבט, ביז ער קלויבט עפּעס אויס און דערלאנגט עס שאבשאוויטש'ען.

בער שאבשאוועטש נעמט עס אין די הענד און קוקט עס אן. ערשט: הגר — א נאקעטע הגר!...

— א צעהנעריל, נישט װעלוועלער... זאגט ער קוים ארויס און קעהרט אום דאס קארטעל אויף דער צווייטער זייט, ווי מען קעהרט אום אין אנ'אבל־שטוב דעם שפּיגעל...

— און וואס קאסט א די — אויך אזוי? פרעגט דער קונה ווידער, דערלאנגענדיג נאך א קארטע.

דער אלטער מוכר־ספרים נעמט זי ווידער אין האנד און ווי אנ'אבגעבריהטער שטעקט ער עס אב צוריק דעם קונה, אב־שטאמלענדיג בייז:

— א צעהנעריל!

דאס האט איהם אזוי אבגעבריהט אונזער מוטער חוה...

— א בעלנות אזוינס צו קויפען! מורמעלט ער, אז דער

קונה געהט שוין ארויס, און נעמט דאָס קעסטעל און וויל עס אוועקשטעלען ערגיץ.

נאָר ער פיהלט, ווי דאָס האַרץ קלאַפּט איהם שטאַרק... און עס ציהט איהם, ציהט צום קעסטעל...

ער קוקט זיך אום, צו געהט עמיצער נישט אריין און נעהמט זיך כלומר'שט סאָרטירען די קאַרטלעך.

פריהער סאָרטירט ער די צעהנערדיגע, הגר'ס צו הגר'ס, און חוה'ס צו חוה'ס. און דבורה'ס צו דבורה'ס... ווי ער קומט צו בת־שבע, בלייבט ער לענגער — אזא יפת־תואר... אבער באלד קומט אריין דאָס זוהנדעל.

— וואָס טהוסטו דאָס, טאַטע?

בער וואַרפט אראָב פאַר שרעק דאָס קעסטעלע און מור־מעלט א ברוגז'ער.

— איך סאָרטיר דיינע שעהנע סחורה... אז אך און וועה צו מיר!...

דער זוהן דערפיהלט עפּעס און שמייכעלט...

# ווי אזוי איך בין געוואָרען אַ ציוניסט.

די בעסטע צייט צו לעזען צייטונגען אין קאפע „אָריענטאַ" אין בערלין איז אין דער פריה. דאָס קאפע־הויז מאכט דעמאָלט דעם איינדרוק פון אַ קלויז, אין וועלכער עס איז שוין נאָכ'ן דריטען מנין, און עס זיינען בלויז געבליבען עטליכע אידען לומדים, וואָס זיצען נאָך איבער אַ פּרק משניות, אַ בלאַט גמרא אָדער איבער אַ ספר סתם.

די געסט אין דער־פריה זיינען געצעהלטע, אָבער דערפאַר שטענדיגע. און דאריבער טאַקע הייסען זיי „שטאַם־געסט". צווישען זיי געפינען זיך אַ פּאָר בטלנים, דאָס הייסט אַזעלכע, וואָס לייענען די צייטונגען זעהר וועניג, מעהר זיצען זיי אַזוי מיט דער צייטונג אין דער האַנד און טראַכטען פון נעכטיגע טעג און רויכערען דערביי זייערע ציגאַרען; אַ פּאָר אָבער זיי־נען דאָ אמת'ע מתמידים, וואָס זיצען על התורה ועל העבודה און שטודירען די „פראַנקפורטער צייטונג", נאָך דער פראַנקפור־טער" נעמט מען זיך צו דער „פּאָסישער" און אַז די „פּאָסישע" צייטונג איז שוין אויך דורכגעלערענט, נעהמט מען זיך צום „פרעמדען־בלאַט".

עס איז דאָ, גאָט צו דאַנקען, וואָס צו לייענען, אַבי מען וויל נור!

אָבער דער גרעסטער מתמיד פון די צייטונגס־לומדים איז דאַרט איינער אַ יונגער מאַן פון אַ יאָהר עטליכע און דרייסיג, נישט רייך, אָבער אַנשטענדיג געקליידעט. דער דאָזיגער יונגער־מאַן קומט אין „אָריענטאַ" כמעט צו ותיקו'ן, טאַקע באַלד, ווי מען עפענט עס אויף. קומט ער צוגעהן מיט אַ שוואַר־

צען רימענעם פול־געפּאַקטען פּאַרטפעל, וואָס מאַכט דעם איינ־דרוק פון אַ טלית־און־תפילין־זאַק...

ער זעצט זיך אַוועק אויף זיין שטענדיגער „שטאַט" אין מזרח, וואו עס געפינען זיך די פּאַליצעס מיט די צעהנדליגער צייטונגען און זשורנאַלען, און בעשטעלט אַ „בערלינער קאַפע".

נאָכדעם געהט ער צו מיט אַ פּרומער, ערנסטער מינע צו די פּאַליצעס און נעהמט זיך אויסזוכען דאָס זייניגע. קודם גע־פינט ער די „וועלט" מיט'ן געלען שער בלאַט. האָבענדיג זי שוין, בעקומט זיין פּנים אַ צופרידענעם איינדרוק, נאָכדעם זוכט ער אויס „די יודישע רונדשוי". מיט די דאָזיגע צוויי וואָכענבלע־טער זעצט ער זיך צוריק אַוועק אויף זיין שטענדיגען פּלאַץ און הויבט אָן מיט התמדה צו לייענען.

דעם דאָזיגען יונגען־מאַן האָב איך אַ לאַנגע צייט „בעאָב־אַכטעט". ער איז מיר וואָס אַמאָל מיט זיין לעזען די ציוניסטישע צייטונג אינטערעסאַנטער געוואָרען. אָבער איך דריק זיך ניט ריכטיג אויס — די צייטונגען האָט ער ניט געלעזען, ער האָט זיי געלערענט.

דער אויסדרוק פון זיין פּנים האָט ביים לייענען ביי איהם זיך געענדערט. דאָ איז עס געוואָרען קאָנצענטרירט ביי אַ שווע־רער פּראַגע, דאָ האָט עס געגומען לויכטען, ווי ביי אַ גוטער בשורה, דאָ האָט עס אויסגעדריקט פּראָטעסט, ווי ביי אַ מיינונג פון אַ געגנער און דאָ האָט עס געשמייכעלט כמעט קינדיש, ווי עס וואָלט געזאַמעלט געוואָרען ערגיץ אַ גרויסע צאָהל שקלים.

דאָס איז אַ פייערדיגער ציוניסט! — האָב איך בעשלאָ־סען,— און כאָטש נישט נור פייערדיגע, אַפילו לעבליכע ציונים־טען זיינען מיר נישט שטאַרק נאָהענט צום האַרצען, האָב איך דאָך שטאַרק געוואָלט קענען לערנען דעם דאָזיגען זאַנדערבאַרען „לעזער".

עס האָט מיר געלונגען.

ערפאַהרענדיג, אַז איך בין ניט קיין ציוניסט, האָט ער

לכתחילה געפרובט מיך בעקעהרען מיט גוטען. קודם האט ער מיר בעוויזען, אז אין „גלות“ זיינען ניטא קיינע אויסזיכטען פאר א נאציאנאל־קולטורעל לעבען.

האב איך עם איהם, נאטירליך, אבגעלייקענט. האט ער זיך אנגעהויבען צו האמפערען מיט מיר, און האט מיר פאר־געווארפען דעם זשארגאן, וואס מען רעדט אין גלות.

האט מיר שוין די מעשה שטארק פערדראסען און איך האב איהם אבגעענטפערט, אז דער העברעאיש אין ארץ־ישראל איז ערשט אן אמת'ער זשארגאן און האב איהם געבראכט צי־טאטען פון „הפועל הצעיר“ און פון „האחדות“.

האט ער מיר צוריק פארגעווארפען, אז דער זשארגאן אין אמעריקא איז געמישט העלפט מיט ענגליש.

האט דאס מיר ערשט א בריה געטהאן: סטייטש, איך קען אזוי גוט דעם אמעריקאנער „יודיש“ און דער ציוניסט קומט און דערצעהלט מיר מעשיות... האב איך איהם געזאגט, אז ציוניזם איז געגען גייסט פון פאלק און ער פיהרט צו אסימי־ליאציע און האב איהם געבראכט א ראיה לרבר די שטאדט וויען.

— וויען, זאג איך איהם, איז פאר'ן ציוניזם געווען א אידישע קהלה און איצט האבען די וויענער אידישע צייטונגען אלע וואך א רובריק פאר די ארויסגעטראטענע פון יודענטום.

האט ער מיר אויפגעוויזען צוריק, שווארץ אויף וויים, אז אין ניו יארק האבען אידישע מיידלאך חתונה פאר אי־טאליענער.

האב איך איהם תוך כדי דבור געזאגט, אז ווי די אראבער וועלען נור ווערען קולטורעלער, וועלען אידישע מיידלעך חתונה האבען דוקא מיט אראבער.

האט ער, פון זיין זייט, מיט גרויס בקיאות מיר קלאר גע־מאכט, אז די העברעאישע קולטור אין ארץ־ישראל וועט בע־הערשען די אראבישע...

דאָס האָט ערשט מיר פֿערבראָגט: שוין ווילסטו בעהער־שען! און איך האָב אויסגעשאָסען מיט גרימצאָרן:

— יאָ, מיר ווייסען אייערע ציעלען. דער ציוניזם האָט אפּעטים, אבער מען וועט געבען איבער די הענד...

און איך בין אזוי בייז געוואָרען, אז איך האָב פּאָר כעס אזש געציטערט.

ער ווידער האָט אין גאנצען געפיבערט.

— איהר זייט אַ פֿאָלקס־פֿעררעטער! — האָט ער געשריען.

— און איהר זייט אַ בורזשואזנע פּארטיי. מען קען אייך! נור מיר וועלען קעמפּפען מיט אייך!

און אזוי איז געווען יעדע פריה־מאָרגען.

צוקריגט זיך, זיינען מיר ווי צוויי העהנער געזעסען איינער געגען דעם אנדערען און פאר כעס מעהר ניט גערעדט.

ער איז שרעקליך בעז, וואָס איך בין אזוי איינגע'עקשנ'ט. איך בין שטאַרק אויפגערעגט, וואָס אזוינע יונגע־לייט, וואָס וואָלטען מיט זייער עקסטאַז געקענט פיעל נוצען ברענגען דעם פאָלק, זיינען אזוי פערבלאָנדזשעט און געהען אויף אַ פאַלשען וועג...

* * *

קום איך אמאָל אין דעם זעלבען קאַפע־הויז שפּעט אין אבענד, ווען די געסט זיינען ווייניג און עס בלייבען בלויז, אויך ווי אין אַ קלויז, די לומדים.

ערשט מיין געגענער, דער ציוניסט, זיצט אויף זיין „שטאַדט" מיט די ציוניסטישע צייטונגען נעבען זיך און קוקט ערגיץ שטאַרק אַנגעכמורעט.

איך זעץ מיר אוועק נעבען איהם און בעגרים איהם קאַלט.

— שאָלאָם! ציהט ער מיר אויס פריינדליך די האַנד.

ענטפער איך איהם צוריק, אויף צו להכעים, דווקא אויף אידיש:

— שלום־עליכם!

שמייכעלט ער טרויעריג.

אז מען שמייכעלט טרויעריג, ווירקט אויף מיר ווי די גרעסטע אגיטאציאנס־רעדע.

איך קוק מיך אויפמערקזאם איין אין דעם יונגען־מאן און בעמערק צום ערשטען מאל, אז ער האט פערטריקענטע ליפען, און אונטער די אויגען — גרויסע, שווארצע פאסען.

לאז איך אוועק דעם גאנצען קאמפף מיט איהם וועגען ציוניזם און פרעג איהם מעשה־פריינד:

— וואס זענט איהר עפעס אזוי טרויעריג? — און אום איהם נאך מעהר צו דערווארימען, פערטייטש איך עס איהם אויף העברעאיש:

— למה פניך כה זועפים?

שמייכעלט ער נאך טרויעריגער און ענטפערט אויף נאציאנישען יודיש (ער איז פון גאליציען!):

— עס איז שווער צו לעבען!

— איהר מיינט, אין גלות? — פארש איך איהם אויס.

— איך מיין טאקע פשוט פערזענליך... מען מוטשעט זיך...

און גלייך אבהאקענדיג די פראזע, קוקט ער מיך אן מיט פארשענדרע בליקען און גיט שנעל א פרעג:

— האט איהר ניט א „מארק"?

צום גליק האב איך געהאט.

און איך האב ערפאהרען, אז דער דאזיגער ציוניסט, וואס האט געזאלט זיין, ווי דער שטייגער איז, א בורזשוי, נעהמט מאנכמאל אום גאנצע טעג ניט געגעסען.

— אויב אזוי איז די מעשה — קום איך צום שכל — וואס־זשע האב איך זיך מיט איהם געקריעגט? און איך בעשלים — אין זיין אנוועזענהייט צו ווערען א ביסעל קיהלער מיט מיין גענגערשאפט.

בעקומענדיג פון מיר געבארגט דעם מארק, ווערט ער

אויפגעלעגט און לעגט מיר פאר דורכצולייענען דעם לייט־ארטיקעל אין „דער וועלט“.

איך פערשפרעך עם איהם און זיינע אויגען קוקען מיך אן מיט דאנקבארקייט. איך לעז עם בערך שנעל דורך און ענטפער איהם:

— א שעהן ארטיקעל.

און מיר צוריידען זיך ווידער וועגען ציון.

— ס'שאפט זיך דארט א נייע לעבען! — מורמעלט ער פער'חלום'ט און די אויגען קוקען ערגיץ ווייט...

— יא — מורמעל איך צו, ווי מען טרייסט א חולה — מעגליך, אז א מאל זאל דארט עפּים געשאפען ווערען...

ער איז מיר אזוי דאנקבאר, אז באלד, דאכט זיך, צואוויינט ער זיך.

— פון אייך קאן נאך א מאל ארויסקומען א גוטער ציוניסט— שמייכעלט ער מיר צו מיט פריינדשאפט.

— אפשר — שמייכעל איך צוריק גוטמוהטיג...

— איך בין זיכער! — זאגט ער ארוים מיט בטחון.

— הלואי! — ווינש איך מיר צו אליין... און בעזאלץ עס מיט א העברעאישען אויסדרוק:

— מי יתן והיה!

— אט אזוי! אט אזוי! — קוועלט ער פון מיר אן.

אין א פאר טעג ארום דערצעהל איך איהם שוין אליין א פרעהליך נייעס.

— א חברה לאדזער אידען — האט איהר געלעזען? — געהען קויפען קרקע אין ארץ־ישראל.

— ניין! — ענטפערט ער איבעראשט, און די אויגען גלאנצען איהם — דאס איז נאך אין „דער וועלט“ ניטא. זעהט איהר... איך זאג אייך, אז דארט שאפט זיך א נייע לעבען.

און אזוי ווי דאס מאל זיינען נאך די ליפען ביי איהם פער־טריקענטער און די באסען אונטער די אויגען שווארצער און

גרעסער, בעשלים איך איהם אנצוזאגנען נאך א גוטע בשורה, וואס איך האב געלעזען.

— די העברעאישע אוניווערזיטעט אין ירושלים האלט ביי ווערען א פאקט.

גאר דאס ווייס ער שוין פון „דער וועלט". אבער ער איז מיר זעהר דאנקבאר פאר דער ידיעה און ער ענטפערט:

— דארט וועלען מיר אלץ האבען!

און ער הויבט זיך אן צו גראבלען אין די וועסט־טאשען:

— מיר פעהלט־צו צעהן פעניג פאר דער טאסע קאפע צו בעצאהלען, — מעלדעט ער מיר.

— נו, קיין בעז ניט — טרייסט איך איהם, און נעהם דאס איבער אויף זיך.

איז ער שוין גאר גליקליך. א העברעאישע אוניווערזיטעט וועט ער זיכער האבען און דאס קאפע וועט אויך בעצאהלט זיין און איך — זעהט ער בעשיינפערליך — ווער — א דאנק זיין ווירקונג — אלץ מעהר ציוניסט...

א גליקליכער מענש!

און ער דריקט מיר ווארעם די האנד און הויבט זיך אויף אוועקצוגעהן.

ער קנייטשט דעם שטערען און טראכט עפעס שווערעס.

— וואס זענט איהר פערטיעפט?

— איך קלעהר — ענטפערט ער — צי זאל איך היינט פרובען נעהן אהיים שלאפען, צי ניט.

— וואס איז דאס פאר א קלער? — פער'חרוש איך זיך.

— איך בין פערשטעהט איהר מיך, שולדיג פאר א מאנאט, און די הויז־פרוי האט מיר שוין איינענטליך „געקינדיגט"...

אזוי ווי קיין פלאץ פאר איהם האב איך ניט ביי זיך, טרייסט איך איהם מיט ציוניזם:

— אין פאלעסטינא וועט יעדער יוד האבען אן ארט.

— יא, — זאגט ער אויפגעלעגט — קיין ארץ־ישראל וועל

איך אמאָל זיכער פאַהרען... און איהר? — וווּנדערט ער זיך צו מיר און קוקט מיך פאַרשעהנדיג אָן.

איך קוק אָן זיין פערצווייפעלטען פּנים און ענטפער ברייט:

— וואָס הייסט! איך רעכען אַ מאָל אין ארץ־ישראל צו בעזעצען זיך.

— דאָס בעסטע, וואָס מיר קענען טהאָן! — ענטפערט ער בעגייסטערט — דאָרט שאַפט זיך אַ נייע לעבען...

איך בעשטעטיג עס איהם און דערמאָהן איהם דאָס העב־רעאישע גימנאזיום, דאָס פּאָליטעכניקום אין חיפה און די העב־רעאישע אוניווערזיטעט, וואָס דאַרף בקרוב ווערען אַ פאַקט...

— יאַ, יאַ! — מורמעלט ער... און, פערטיעפענדיג זיך, גיט ער צו:

— ווייסט איהר, וואָס איך האָב בעשלאָסען?

— וואָס?

— איך וועל מיר די נאַכט דורכשפּאַצירען אין „טיערגאַר־טען“. איך וויל ניט אָנזעהן איהר נאַרישען פּרצוף!...

אויך מיט זיין נייער אידעע בין איך מיט איהם איינפער־שטאַנען און ווינש איהם זיך גוט אַמוזירען...

און מיר צושיידען זיך, ווי צוויי אמת'ע פריינד, וואָס זיי פעראייניגט איין אידעאַל, איין ליכטיגע צוקונפט...

# דער בדחן.

גדליה איז אין דער יוגענד געווען א שניידער. נאר אזוי ווי ער איז געווען א צו ריהרעווודיגער מענש און האט ניט גע־קענט איינזיצען א גאנצען טאג ביי דער ארבייט, האט ער גע־זוכט אן אנדער פרנסה. זייענדיג א בחור האט ער ניט געקענט געפינען קיין פאסיגע בעשעפטיגונג, אבער אז ער האט חתונה גע־האט מיט ביילע'ן, ליבע דעם שוסטער'ס טאכטער, דוקא א שטיל און רוהיג ווייבעל, און האט זיך ערווארבען א צוויי־דריי קינדערלעך, האט ער זיך אריינגעמאכט אין שניידערשען קליי־זעל פאר אן אויבער־שמש.

דאס שניידערשע קלייזעל איז בעשטאנען פון א קליינער הילצענער געביידע, האט פערמעגט א פאליש, א ווייי־בערשע שול און א קעלער. די אפיציעלע דירה פון דעם אויבער־שמש האט זיך געגרעכענט דער קעלער, אזוי איז געווען בפירוש געשריבען אין „כתב", וואס דער אויבער־שמש האט בעקומען פון די גבאים, — אין דער ווירקליכקייט אמער האט גדליה בעוואוינט דאס גאנצע שניידערשע קלייזעל. דער קעלער איז נאר געווען פאר די כלי בית און פאר'ן ווייב מיט די קליינע קינדער.

בכלל איז די דאזיגע שמשות געווען פאר גדליה'ן א פרויי־ליכער ענין. די שניידער זיינען בטבע א פאלק, וואס האבען ליעב א ווערטיל, א וויצעל און א מאל, א ביסעל בראנפען. א שאד איז נאר דאס, וואס זיי זיינען ניט זעהר רייך, א טייל פון זיי דוקא גרויסע קבצנים. דעם וואכער אויסרייסען פון זיי איז גדליה'ן אנגעקומען נישט נאר גרינג און דערפאר פלעגט

ער, פרייטאג געהעננדיג נאכ'ן „וואכער", מוזען פערבלאנזשען אויף צו אנדערע בעלי־בתים מיט דער פושקע. ארויסגעהאלפען האט איהם זיין פרעהליכקייט און זיין אויפגעלעגקייט. גדליה פלעגט דאס מאכען גלאט מיט א וויצעל, מיט א ווערטעל און איבערהויפט מיט א גראם.

דאס „געפיהל" צו גראמען האט זיך ביי גדליה'ן ענדעקט גאנץ פריה, ווען ער האט נאך געארבייט ביי שניידעריי. יעדער חפץ האט ביי איהם געהאט א גראם. די שער האט זיך גע־גראמט מיט „גיעב אהער", די פרעס מיט נס און די נאדעל מיט גדול... די פועלים מיט וועלכע ער האט דעמאלט צוזאמען גע־ארבייט, האבען נביאות געזאגט, אז ער וועט אמאל זיין א בדחן... גדליה האט די דאזיגע נביאות געהיט אין הארצען און שטענדיג זיך געאיבט אין גראמען. געהאפט האט ער, אז ער וועט אמאל ווערען אין שטעדטעל דער בדחן און דאמאלט וועט ער לאכען פון דער וועלט...

אבער די ערשטע פאר יאהר פון זיין שמשות אין שניי־דערשען קלייזעל האט ער ניט געהאט קיין אויסקוק אויף ווע־רען א בדחן. דאס שטעדטעל האט טאקע קיין בדחן ניט געהאט, אבער העניך דער „קאנטראבאס", א הויכער, מאגערער איד, אויף וועלכען דאס „שטעדטעל" האט געזאגט, אז דער קאנ־טראבאס נעהמט ביי איהם ארוים דאס חיות און ער וועט לאנג ניט לעבען — דער דאזיגער העניך איז געווען אויף חתונות דער ממלא מקום פון א בדחן. נאטירליך האט דער עולם קיין סך פון איהם ניט געפאדערט: זיין נוסח איז געווען קורץ: „חתן מיט דער רעכטער פוס!" „כלה אין א גליקליכער שעה". און נאך א פאר גויטינגע פראזען, פאר וואס ער האט בעקומען עקסטרא פון די כלי־זמר א גרעסערען פראצענט פון די הכנסות, וואס די חתונה האט ארייגעטראגען...

אבער גדליה האט געפיהלט, אז דאס שטעדטעל מוז הא־בען נויטיג ווי לעבען א בדחן. אלס אויבער־שמש פון שניידער־

שען קלייזעל, פלעגט איהם אויסקומען זיין אויף שניידערשע חתונות. ער פלעגט שוין דעמאלט, אויסער זיין שמשות׳דיגע ארבייט, זיך ארײנמישען צווישען די כלי־זמר און איינמאל נאך א שטארקע כוסה, וואס ער האט געמאכט, האט ער א זינג געטהאן:

הערררריי, רעררהריי, ווייוואט,
לעבעדיג, פרעהליך,
די כלה איז א מלכה, דער חתן
איז א מלך...

נאכדעם ווי דער מגושמ׳דיגער עולם האט זיך דערפיהלט פון דעם דאזיגען אונערוואַרטעטען זמר ווי בערוישט און אנ־קוקענדיג גדליה׳ן מיט אנערקענונג האט מען געוואַרט אויף נאך פון דעם זעלבען מין, האט העניך דער קאנטראבאס אויס־געשטעלט זיינע וואסערדיגע אויגען, א פאך געטהאן מיט דעם גרויסען „סמיק“ וואס האט דעמאלט אויסגעזעהן ווי א וואפע און האט אויסגעברומט:

— גענוג! איהר זענט א שמש! — און גדליה האט זיך אבגעטראגען אין א וויקעל צו די כלי־קודש און האט דארט אין דער שטיל חוזק געמאכט פון העניך׳ן און דוקא צום גראם: ווי געפעלט אייך דער דאזיגער פלאקען — איך מיין, אז וועט ניט זיין קיין זקן... די איבעריגע כלי־קודש, וואס האבען אויך געמאכט א כוסה, האבען פרעהליך געלאכט און דער חזן, וואס איז געשטאנען גרייט צו מאכען דער כלה׳ס פאטער, וואס איז געשטארבען פאר דער חתונה, א „מלא“ און אוועקלעגען דעם עולם אין א ים פון טרעהרען, האט אויך מסכים געווען, אז גדליה וואלט געווען א בעריהמטער בדחן, ווען העניך קאנטרא־באס וואלט איהם נישט געשטערט:

— אל־מ־לא־רח־מי־מ־מ־מ! האט ער זיך מכין געווען אין דער שטיל, שמועסענדיג מיט גדליה׳ן אין איין צייט — איהר טויגט ר׳ גדליה, איהר טויגט! שו־כן־במ־רו־מי־מ־מ־מ!

—איהר וועט אמאל... המצא־מנו־חה —... יא, איהר וועט אמאל זיין בדחן... און רעפּעטירענדיג דעם אל מלא רחמים, האט ער אין דערזועלבער צייט ליכטיגע נביאות געזאגט אויף גדליה דעם שמש, וואס וועט פריהער אדער שפּעטער זיין א גוואלדינגער בדחן... אל מלא רחמים !...

---

געוועהנליכע מענשען לעבען ניט אויביג, בפרט כלי זמרים, בפרט העניך דער קאנטראבאס : ער איז אוועק פאר דער צייט פון דער וועלט, ווייל דער קאנטראבאס האט איהם דאס חיות ארויסגעצויגען. עס איז שווער צו בעשטימען וואס פאר א טאג גדליה האט געהאט, ווען העניך איז געשטארבען... ער איז ארומגעגאנגען אין שניידערשען קלייזעל הין און צוריק, געצופּט דאס בערדיל און געזונגען :

אל מלא רחמים... המצא מנוחה... הערריי — הערריי ווי־וואט... לעבעדיג פרעהליך... די כלה איז א מלכה, דער חתן איז א מלך... אל־מלא־רחמים... חתן מיט דער רעכטער פוס... אל־מלא רחמים... הערררריי — הערררריי. —

קיין גרויסע לויה האט העניך ניט געהאט, עס איז געווע־זען קוים א צוויי מנינים מענשען, שוין אריינגערעכענט די פיער קאלעגען, די כלי־זמר, און גדליה דער שמש...

די מטה, אויף וועלכער עס איז געלעגען דער מת אויסגע־צויגען אין זיין גאנצען לענג און איבערגעדעקט מיט א שווארצער דעקע, האבען געטראגען זיינע חברים, די כלי־זמר. גדליה האט זיך געיִשובֿ'ט, צי זאל ער נעהמען אנטייל אין דער ראזיגער מצוה, צי ניט... ער איז ענדליך, אהן ווערטער, צוגעגאנגען צו דעם פארענט פון מטה, איבערגענומען דעם שטאנג און זיך איינגעשפּאנט אין איהר. זיין אקסעל, ניט געוועהנט צו א שווערער משא, האט זיך געבראכען אונטער'ן שטאנג און ער האט שוין חרטה געהאט אויף זיין אויפטהו... די זאך איז שוין

אָבער געווען פּערפּאַלען, מיט אַ מת שפּיעלען זיך איז ניט קיין שכל און ער האָט נעשפּאַנט ביז'ן בית־עולם און אין קאָפּ איז איהם געקראַכען דער אַלטער גראַם מת — פּרעס.. מת — פּרעס..

ערשט אַז מען האָט די מטה אוועקגעשטעלט ביים אויס־געגראָבענעם קבר איז ער פון דעם דאַזיגען גראַם פּטור געוואָרען, איז געוואָרען ערנסט געשטימט און האָט זיך פאַרבערייט צו בעטען דעם מת מחילה...

אויך ביי דעם מחילה בעטען האָט ער זיך שיער ניט ארויס־געכאַפּט מיט אַ גראַם, פאַר וואָס ער האָט זיך שטאַרק דער־שראָקען...

אָבער אַז ער איז נעגאַנגען צוריק פון בית־עולם איז ער גאָר אַן אַנדערער געוואָרען. זיין שטימונג איז געוואָרען שטאַרק געהויבען. די נביאות פון דעם חזן, וואָס האָט רעפּעטירט אין איין צייט דעם „אל מלא רחמים", אַז ער וועט זיין אַ בעריהמ־טער ברחן, האָט איהם איצט אָבגעקלונגען אין זיינע אויערען ווי אַ געזאַנג. ער איז געגאַנגען אהיים מיט זיכערע און פעסטע טריט... אין קאָפּ האָט זיך איהם געבאַמבעלט אָבגעריסענע שטיקלאַך ניגונים פון חזן'ס „אל מלא רחמים" און פון זיין אייגע־נער קאָמפּאָזיציע:

הערריי, הערריי, ווי־וואַט — לעבעדיג, פרעהליך !..."

# ניו־יאָרקער בילדער.

## 1.

### וואַרשעווער בלוט

שוין יאָהרען אז די פאַמיליע וואָהנט אין ניו יאָרק. די מו־טער, — אַן אַלטע אַלמנה, אַ זוהן און דריי טעכטער.

דאַכטען דאַכט זיך זיי, אַז זיי וואָהנען אין וואַרשוי. און וואָס פאַר אַ גאַס זיי ציהען זיך פון צייט צו צייט איבער איז דאָס אַלץ די וואַרשעווער „טוואַרדע גאַס“, פון וואַנען זיי זיי־נען אַהער אַנגעקומען מיט יאָהרען צוריק...

עס מאַכט גאָר ניט אויס, וואָס זיי וואָהנען אין אַ טענע־מענט הויז. פרעגט בחרם די אַלטע מוטער, וואָס אַ טענעמענט הויז איז. זי וועט עס גאָר ניט קענען אַראָבשלינגען אַזאַ טשיקאַ־ווע וואָרט. ביי איהר הייסט עס נאָך אַלץ אַ „האָאז“. די טענע־מענטס — לאַקאַטאָרען און די נעקסט־דאָריגע — די שכנה...

דער זוהן און די טעכטער אַרבייטען אַלע אין די שעפּער. אָבער דאָס וואָרט שאָפּ ווערט כמעט אין הויז ווי ניט דער־מאָהנט. די מיידלעך „נעהען“ און דער בחור איז אַן „אַרבע־טאַריער“....

די טעכטער האָבען נאָך זייט זיי זיינען אין ניו יאָרק ניט גענומען קיין וואַק. זיי מאַכען אַנשטאָט דעם אַ שפּאַציער... זיי האָבען נאָך קיינמאָל ניט געזעצט אויף אַ טשער. אויב זיי זיצען יאָ, זיצען זיי אויף אַ שטוהל, פּונקט ווי אין וואַרשע דאָרט אויף דער טוואַרדע גאַס.

און ניט נור אין רעדען זיינען זיי נאָך אַלץ וואַרשאַווער. מיט'ן „סאַרנע“ און מיט'ן „דרינען“ און מיט די אַלע חנ'דלעך. וואָס דער וואַרשאַווער אידישער לשון פערמאָגט—אפילו די

„קיך“ איז א היימישע. די אלטע מוטער מאכט נאך ביז היינטי־גען טאג ווארשאווער מיטאגען, זופ — בעבלעך מיט קליסקעלעך, און פלייש בראט זי אויפ׳ן ווארשאווער שטייגער. פיש קאכט זי נאך אלץ מיט צוקער און אהן פעפער...

וועגען קליידער איז אבגערעדט — דער שייטעל, וואס די מוטער טראגט, איז אופ׳ן ווארשאווער סטייל, די טוך אופ׳ן פלייצע איז נאך פון ווארשע און וועט נאך איבערלעבען צעהנד־ליגע הינגע פאציילעס...

אבער אויך די סביבה אין וועלכע די פאמיליע לעבט זיך אוים איז א׳ווארשאווער. דער קצב איז פון קראכמאלנע גאס און דער איד פון׳ם געוועלב איז פון סליזקא... אמת׳ע ווארשאווער. דערפאר פערברענגט די מוטער סיי אין יאטקע און סיי אין געוועלב לענגער ווי זי האט צייט. ארויסגעהענדיג פון דארט מיינט זי, אז דאס געהט זי אהיים ניט דורך דער סעקאנד עוועניו, נור דורך דער טווארדע. בלויז דער נומער פון הויז איז א לענגערער :715. איברינגענס קוקט זי גאר ניט אויפ׳ן נומער.

א פערטעל נאך זעקס קומען די מיידלעך פון דער ארבייט. דער בחור קומט מיט א פערטעל שעה שפעטער. אין הויז הערט זיך דער גערוך פון די עכטע ווארשאווער שפייז. פערגעסט זיך די אלטע, אז איהרע קינדער זיינען פון א שאפ געקומען און זי מיינט, אז זיי האבען דאס געשפאציערט אין זאקסישען גארטען פרעגט זי׳ :

עפּס שעהן דאס וועטער?

אבער באלד פערכאפּט זי זיך. זי האט זיך דאך דערמאנט, אז די קינדער ארבייטען. זי קוקט זיי אן יעדען בעזונדער מיט מוטערליכע בעזארגטער ליעבע און הייסט זיי געהן עסען.

זי וואלט אמאל געוואלט וויסען, ווי אזוי געהט זיי דאר־טען אין שאפּ. שעהמט זי זיך צו דערמאהנען דאס ווארט. עס איז א מיאוס ווארט — „שאפּ“... די אלטע האט נאך זייט זי

לעבּט קיין מיאוס וואַרט ניט אַרויסגערעדט.

די קינדער אַליין האָבּען דאָס וואָרט אויך ניט בּעזונדערס ליעבּ. זיי ווילען עס פערגעסען און מען רעדט וועגען וואַרשע־ווער נייעס, וואָס זיי ווערען געוואָהר פון בּריעף און לאַנדס־לייט:

— מאַמישע, רחל־גאָלדע איז אַ כּלה געוואָרען!...

יאָ, איך האָבּ שוין געהערט. — ענטפערט די מאַמע און שמייכעלט.

רחל גאָלדע אַליין געפינט זיך אין וואַרשע, אָבּער פאַר די מוטער מיט די קינדער האָט רחל־גאָלדע מעהר אינטערעס, ווי אַלע נעקסט־דאָריגע פון זייער טענעמענט...

— מען דאַרף איהר שיקען אַ מזל־טוב! לעגט פאַר דער זוהן...

— אוראי... זאָגט די אינגערע טאָכטער.

און די צווייטע שלאָגט פאָר צו שיקען אַ דרשה־געשאַנק...

נאָר פון אַ דרשה־געשאַנק וויל ניט הערען די מוטער:

וואָס קען מען דאָ קריגען?..

פון אַמעריקאַנער חפצים האַלט זי ניט... אויך מיר אַ שטאָדט!...

---

די דריי טעכטער זיינען הויך, שלאַנק און גראַציעז. דער חן פון וואַרשאַ ליעגט אויסגעגאָסען אויף זייערע געשניצטע פּנים'ער. אין די אויגען רוהט יחוס פון לאַנגע דורות שוואַרץ־אויגיגע.

דערצו קליידען זיי זיך אין וואַרשעווער שטאַפען, אין וואַר־שווער מאָדע... דאָס גיט זיי צו נאָך מעהר שילטען און אי־נערליכען „שיק“. געהען זיי אַמאָל אין גאַס שטעלט מען זיך אָבּ קוקען אויף זיי. אָבּער ניט ווי אויף גרינע, נאָר ווי אויף אויס־לענדער... מאַנכע ווילען האָבּען, אַז זיי זיינען פון שפּאַניען און מאַנכע פון אַן אַנדער ווייטען שעהנעם לאַנד. די נאָהענטע בּע־

קאנטע וואונדערען זיך: פון וואנען קומט צו זיי אזא חן? דאכט זיך גרינגע מיידלעך און יעדער האט פאר זיי דרך ארץ... ליעבע? ניין, פון זייער ליעבע האט נאך קיין יונגער מאן ניט געוואגט צו רעדען.

דאס האט זיי אי פערדראסען, אי הנאה געטהאן: מען וואגט ניט!... אמאל פאלט אריין א יונגער מאן אין הויז. אנ־פאנגס ווילען די מיידלעך איהם געפעלען, מען נעהמט איהם אויף פריינדליך און מען שמייכעלט צו איהם מיט אן ספע־ציפישען ווארשעווער שמייכעל. אבער דא ווייזט זיך דער יונ־גערמאן ארויס מיט זיין אמעריקאניזמוס: עהערגעכטען, — דערצעהלט ער, איז ער געוועזן אין א בורלעסק...

וואו?... — דערשרעקט זיך די מוטער...

— אין א בורלעסק!... א בורלעסק. אזא שאו... א פרייליכע שאו...

די מיידלעך וואס ווייסען יא די בעדייטונג פון ווארט, שמייכלען מיט פעראכטונג. און בכלל האלט ער זיך זעהר גראב, דער דאזיגער „פעללאו"... ער לאדט זיי איין נעמען א וואק און נאכהער וועט מען אריינגעהן אין אן אייז־קרים פארלאר. אבער די מיידלעך זאגען זיך אב איינע נאך די אנדערע...

— וואואי? — מאכט דער אמעריקאניזירטער פעללאו חנ׳דלעך אויפ׳ן ניו־יארקער שטייגער.

— אזוי... ניטא קיין „חיישעק"... — שמייכלען זיי גוט־מוטיג אבער שטאלץ... און אז ער געהט ארויס פיהלען זיי זיך ווי בעפרייט פון אן אנשיקעניש, פון א ווילד פרעמדען, און מען הויבט איהם אן ארומרעדען מיט ווארשאווער אויסדריקע:

—ווי געפעלט איהן דער פאצעט...

— ער וואלט זיך געפאסט פאר דער אוואצאווע אלעע אין זאקסישען גארטען...

די מוטער האלט אויך אונטער...

— א שוטה א יונגערמאן...

— אז אמעריקאנער „באי"... — העלפט צו דער זוהן.
און די אלע פיער לאזען זיך ארוים אויף דרויסען מאכען א שפאציער...
די מוטער בלייבט אליין... זי איז פערנומען מיט איהרע געדאנקען.
וואס איז דער תכלית? דריי טעכטער. זיי מוזען דאך חתונה האבען... אבער קיינער געפעלט זיי ניט...
אין הארצען אבער איז די אלטע צופרידען: איהר געפעלען זיי נאך ערגער... זי קען ניט פערשטעהן, ווי אזוי וועט זיך ארייננמישען אין זייער פריוואטען ווארשאווער לעבען עפעס א פרעמדער יונגערמאן מיט'ן „אללראיט" און מיט'ן אלבעטשיו... און ווערען איינער פון דער משפחה... פון די ווארשעווער...
און די אלטע דאנקט אין הארצען גאט, וואס איהרע טעכטער פיהלען דאס זעלבע ווי זי: קיין פרעמדע בלוט אין דער ווארשעווער משפחה...
אפשר וועט מען נאך אמאל פאהרען צוריק...

2.

## אין בוכהאנדלונג.

שלמה גאלדין, א איד אין די פופציגער, געפינט זיך שוין אין ניו־יארק איבער צעהן יאהר. געקומען איז ער מיט דער ערוואקסענע זיהן און טעכטער. א דאנק זייער געראטענקייט און גוטסקייט האט שלמה ניט דורכגעמאכט די אלע צרות, וואס אן עמיגראנט דארף דורכמאכען די ערשטע צייט, ווען ער קומט אין נייעם לאנד. די קינדער, סיי די זיהן און סיי די טעכטער, האבען פון דער ערשטער צייט אן גוט פערדיענט און שלמה גאלדין האט זיך געקענט ערלויבען צו פיהרען דאס שעהנע בעל־בתישע און למדנישע לעבען פון דער היים אויך דא אין ניו יארק.

שלמה גאלדין האט ליעב געהאט פון צייט צו צייט איינ־כאפען זיך אין א אידישען בוך־געשעפט אין דאון־טאון און פרעגען אויב עס איז אנגעקומען עפעס נייע ספרים. און דער מוכר ספרים פלעגט איהם ענטפערען: ניין, פלעגט ער א זיפץ טהאן און שטארק בעדויערן.

— איך וואלט געוועז א בעלן צו וויסען, צי דרוקט מען שוין דארטען מעהר נים פון דעם מין ספרים, אדער איהר שרייבט זיי נים אוים, ווייל עס זיינען נימא קיין בעלנים.

און אויסהערענדיג די ערקלערונג פון מוכר ספרים, אז אי מען דרוקט דארטען נים אזוי פיעל, אי עס לוינט זיך נים אלץ צו ברענגען אהער, פלעגט שלמה זיך פיהלען ווי בעליי־דיגט און פלעג דעמאלט א מורמעל טהאן.

— וואס האט איהר עפעס פון די אלטע אנטיקען? אפשר א יערות דבש?...

פלעגט זיך ארויסווייזען, אז דער יערות דבש איז שוין אויך נימא, אז דא פרעגט עס קיינער נים — נאר אויב שלמה וויל, האט דער מוכר ספרים פאר איהם א נייעם גאנג חומשים, מאקי דא געדרוקט...

אבער די היגע געדרוקטע חומשים איז פאר שלמה'ן נים געווען קיין סחורה, אויב שוין א נייעם גאנג חומשים, ווייל ער פון ווילנער דרוק.

— פון ווילנער דרוק קאסט טייערער, מר. גאלדין, — פלעגט דער מוכר ספרים איהם אפשלאגען.

— איך דינג זיך דען מיט אייך? — פלעגט שלמה פער־דריסליך אנקוקען דעם מוכר ספרים — איהר גיט מיר נאר א היימישען גאנג חומשים און מיר וועלען שוין דורכקומען...

---

קומט אן ערב יום־טוב ווייזט זיך שלמה ווידער אין בוכ־האנדלונג. ער איז א בעלן צו קויפען א רעכטען גאנג מחזורים".

דער מוכר ספרים ווייזט איהם א גאנג מחזורים, וואָס א צייטונג האָט ניט לאַנג דאָ געדרוקט אלס א פּרעמיע פאר איהרע לעזער.

דאָן בעטראַכט זיי שלמה ווי מיט פעראַכטונג, גיט א בלעטער פון ערשטען ביז'ן לעצטען זייטעל. אויף דעם לעצטען זייטעל געפינט ער א פּגימה: אן אדווערטייזמענט וועגען א „רעעלער" באַנק, וואָס צאָהלט זעקס פּראָצענט, ער לעגט אוועק מיט א געפיהל פון עקעל דעם גאנג מחזורים און רופט אויס:

— ניין, אדווערטייזמענטס האָב איך גענוג אין די פּיי־פּערס... איהר גיט מיר טאקע א ריכטיגען גאנג מחזורים, אזוי ווי אין דער היים אין יוראָפּ.

און שלמה צאָהלט אָפּ פינף מאָל אזוי פיעל, אבי א היי־מישען.

---

א וואָך פאר פסח לאָזט ער זיך ארויס אין סטריט איינ־קויפען פסח'דיגע זאַכען.

ביים „סטיישאַן" שטעהען אינגעלעך און רופען אויס:

אַן הגדה פאר א פּעני...

איינער פון זיי כאַפּט אַן שלמה'ן פאר'ן האַנד און שטופּט איהם אַן הגדה...

שלמה נעהמט ארויס א פּעני, דערלאַנגט דעם אינגעלע, און זאָגט:

— נעהם די פּעני, די הגדה דאַרף איך ניט...

דאָס אינגעלע וויל אבער קיין נדבה ניט נעהמען, און ער שטופּט שלמה'ן צוריק די פּעני.

דאָ איז שוין שלמה געצוואונגען צו נעהמען די ביליגע הגדה.

א פערשעהמטער פאר דעם ביליגען פּרייז וויל ער אפילו אויף איהר ניט א קוק טהאָן. „א פּעני אַן הגדה", — שמייכעלט

ער מיט טרויער. ער קען זיך אבער ניט איינהאלטען און בע־טראכט זי. ער ווערט איבערראשט: די הגדה פערמאגט אלע פרושים, די משלים פון דובנער מגיד, צום סוף די גאנצע שיר השירים.

— אזוי ביליג! — וואונדערט ער זיך, אבער ענדליך גיט ער זיך א כאפ צום לעצטען בלעטעל און דער סוד פון דער בי־ליגקייט ערקלערט זיך פאר איהם: ווידער די אדווערטייז־מענט פון דער רעעלער באנק!

ער פערקרימט זיך, לעגט זי אריין ווי א שטיקעל אונגעוי־טיגע פאפיער אין קעשענע און לאזט זיך צו דער בוכהאנדלונג.

— איך וויל איהר זאלט מיר עפעס געבען א רעכטע הגדה...

— פאר דריי סענט?... — פרעגט דער מוכר ספרים.

— ניין! ניין! — שרייט ר' שלמה — איך וויל א רעכטע!

— אויב אזוי וועל איך אייך גיבען פאר א ניקעל... — זאגט דער מוכר ספרים.

— און קיין טייערערע האט איהר שוין ניט? — פרעגט ר' שלמה און קוקט מיט פעראכטונג אויפ'ן מוכר ספרים.

— איך האב א טייערערע אויך... — ענטפערט דער מוכר ספרים — איך האב אן הגדה פאר צעהן סענט, אבער האלב אויף ענגליש...

— און אהן ענגליש פאר צעהן סענט, האט איהר ניט? — פארשט ר' שלמה און קוקט נאך מיט מעהר פעראכטונג אויפ'ן מוכר ספרים.

— ניין! — ענטפערט באלד דער מוכר ספרים — אזוינע טייערע הגדות אהן ענגליש איז ניטא. מען פרעגט דא אויף זיי קיינער ניט....

און שלמה איז געצוואונגען צו קויפען די ענגלישע הגדה אבי ניט אזוי ביליג. ער גיט זי א בלעטער און שטויסט זיך

אַז גלייך אויף דער ענגלישער איבערזעצונג — די ווערטער קו־
קען איהם אַז אזוי קאַלט און פרעמד.

און בעצאַהלענדיג דעם „טייערסטען" פרייז געהט ער אַ
ברונז'ער ארויס פון סטאָר און מורמעלט: אַלץ איז לאַ ביי זיי
אַזוי ביליג!...

3.

## די טראַגעדיע פון רייכקייט.

(פון אַ שמועס מיט אַן אויפגעקומענעם).

לייט זיינען מיר מקנא: אַ איד אַ גביר! נאַטירליך, מען
שאַצט איבער מיין פערמעגען... אבער בעקלאָגען זיך דאַרף
איך נישט. איך האָב, ניט צו פערזינדיגען, אַ קאַפּיטאַל... ווי־
פיעל גלויבט מיר — געגוי ווייס איך אליין נישט! עס לויהנט
ניט צו וויסען! עס האָט ביי מיר פערלאָרען די ווערטה, עט־
ליכע טויזענדער מעהר, צי עטליכע טויזענדער ווענינער. סיי
ווי סיי — קיין גרויס הנאה פון מיין געלד האָב איך ניט...
אַז מען האָט ניט קיין געלד איז דאָס טאַקי אַ גרויס אונגליק,
אבער אַז מען האָט יאָ — איז עס ניט קיין גליק. פאַר אַן אנ־
דער'ן אפשר יאָ — פאַר מיר ניט! איהר פערשטעהט — איך
בין אַן אויפגעקומענער! מיין שטאַם איז אַן ארימער! פון
קליינע מענשען! אַלס קליינע מענשען זיינען זיי געווען גאַנץ
שעהנע! אבער אַז אַ קליינער מענש ווערט גרויס, ווערט ער
נאָך קלענער! איהר פערשטעהט, וואָס איך מיין? מען דאַרף
דאָס פערשטעהן!

איך בין שוין רייך אַ שעהנע עטליכע יאָהר! און דאָך קען
איך נאָך אַלץ מיין רייכקייט ניט פערדייען. אין אַלע פּרטים
מיין איך דאָס! קודם טאַקי דער מאָגען! מיין מאָגען איז אַ
קליינער — אין אמאָליגע יאָהרען האָט דאָס ביסעלע

עסען פערדייעט אויפ'ן בעסטען אופן. ביים עסען האב איך געפיהלט אן אמת'ע הנאה. אויפ'ן עסען האב איך גע־ווארט: אט באלד וועט מען געהן עסען... וואס האט דאס ווייבעל מיינס געקאכט? — אודאי פעריל גריץ מיט קארטאפעל! עס איז געווען מחיה נפשות. נאכ'ן עסען איז צוגעקומען א שטיק געזונט! ווער רעדט א שבת'דיגער עסען איז דאך אודאי געווען אן עונג! א גאנצע וואך געווארט אויפ'ן טשאלענט. גע־שארט האט ער ניט! דער מאגען האט אלץ פערדייעט. עסען זאל שארען — דערפון האט קיינער ביי אונז ניט געוואוסט. שארען שארט, אז מען עסט ניט. אז מען הונגערט זיך אויס שווינדעלט דער קאפ און עס פינטעלט אין די אויגען. קוים אבער עסטו — מוזטו זיין געזונד און זיך פיהלען גוט איצט אבער — די מאכלים זיינען א סך, די קעכין מאכט זיי אויפ'ן שעהנסטען אופן — ווער אבער האט פון זיי הנאה? ווער קען זיי פערדייען? דער מאגען איז צו קליין פאר זיי!

מוז מען אנקומען אלע וואך צום דאקטאר: „הערר דאק־טאר, אזוי און אזוי" — און דער הערר דאקטאר האט שוין א פיינעם אויטאמאביל און, גלויבט מיר, אז אין דאזיגען אויטא־מאביל האב איך דעם גרעסטען חלק... אבער פארט איז זיך דא צו ווענדען! העלפט דער דאקטאר ניט, דאכט זיך כאטש, אז ער וועט דיר העלפען — און מיט'ן מאגען ניסטו זיך שוין ווי עס איז אן עצה...

האט אבער דער מענש אויך א נשמה און וואס טהוט מען ווען די נשמה איז קליין און קען ניט פערדייען קיין גרויסע זאכען?... צו דער נשמה איז שוין קיין דאקטאר ניטא!

מוטשעט זי זיך נעביך! אמאליגע יאהרען, אז איך האב קיין געלד ניט געהאט פלעגט מיין נשמה הנאה האבען פון א נדבה. געהסט אין גאס און זעהסט א הינקערדיגען בעטלער. קודם פלעג איך בעטראכטען צי נארט ער מיך ניט אב, צי איז זיין פוס טאקי ריכטיג א לאמע. קוים האב איך זיך איבער־

ציינט, אז יא, האָב איך איהם געגעבען א גראָשען. דעם דאָזיגען גראָשען האָט מיין נשמה פערדייעט, עס האָט איהר וואויהל געטהאן: געגעבען א הינקעדיגען אָרימען א גראָשען, אקוראט אזא סומע, ווי מיין קליינע נשמה האָט געקענט פערטראָגען...

איצט אָבער — זעה איך גאָר ניט די דאָזיגע אָרימע לייט. צו־פוס געה איך זעהר זעלטען. עס איז דאָ אן אויטאָמאָביל... פליהסט דורך די גאַס ווי א טייפעל... נאָך א נדבה קומט מען צו מיר אין הויז אריין... דאָס זיינען נדבות, וואָס שמעקען מיט הונדערטער און טויזענדער... דאָס געלד איז מיר ניט קיין שאד... איך בין ניט קיין קאַרגער, אָבער די עצם נדבה קען מיין נשמה ניט פערדייען, עס איז צו גרויס פאַר איהר. א נדבה פאַר רוסישע רעוואָלוציאָנערען... איך קען זי ניט אראָבשלינגען, זי שטעהט מיר ווי א ביין... א נדבה פאַר א גרויסען פרייהייטס־קעמפּער!... מיין נשמה בענקט נאָכ'ן הינקענדיגען בעטלער... וואָס געהען מיר אָן רעוואָלוציאָנערען און פרייהייטס־קעמפּער?....

אודאי וואָלט איך ניט געוואָלט ווערען צוריק א אָרים־מענשעל, ווי אמאָל. אָבער וואָס איך האָב יאָ געוואָלט — איז איך זאָל בעקומען א גרעסערע נשמה... גאָר צוריק געשמועסט, איז דען מעגליך צו האָבען א סך געלד ווען דו האָסט א גרויסע נשמה... זעהט איהר, אָט דאָס איז די גאַנצע טראַגעדיע פון רייכקייט...

## 4.

## „סטאָרס“ פון פּריִיד, גליק און שעהנקייט.

דרויסען רעגענט. דער ברוק פון דער בויערי איז נאַס, קויטיג און גליטשיג. אין דער הויך טראָגט זיך אלע ווייל

דורך מיט א גרילצענדרען געשריי א קאר, אונטען ציהען זיך אהין און אהער „בירגער" פון דער בויערי. די מענער אהן אויבער מאנטלען, אין צוריסענע קורצע רעקלעך, מיט פנים'ער פערעלטערטע, פערטרונקענע און איינגעשרומפענע, מיט אויגען אנגעפילטע מיט טהירישער גלייכגילטיגקייט. די פרויען מיט גראב געפארבטע געזיכטער און אונטערגעשלאגענע אויגען, די ברעמען בעשמירט מיט א שווארצען פארב.

אלץ ארום זעהט אויס פערצווייפעלט, האפנונגלאז און מיאוס. געהענדיג דורך דעם דאזיגען ברודיגען און טרויריגען מענשען ווינקעל, ווערט מען ערשט שטארק הונגעריג נאך א ביסעלע פרייד, גליק און שעהנקייט, און ווילענדיג ניט ווילענדיג כאפט מען זיך אריין, אויב מען האט א ביסעל צייט און א ניקעל אין טאש, אין א פלאץ פון פילמס, — אין א „מואווינג־פיקטשור".

און בעטראכט מען דאס פובליקום פון אזא מין פלאץ אויף דער בויערי, דערפיהלט מען ערשט, ווי דער דאזיגער געפאלענער מין פון דער מענשהייט גיט אויס זיין לעצטע ניקעל, אבי צו זעהען כאטש אויפ'ן לייווענט דאס פרעהליכע, דאס שעהנע.

זייערע אויסגעלאשענע אויגען צינדען זיך אן און בלאנקען, זייערע קאלט געווארענע הערצער דערווארעמען זיך און שלאגען שטאלצער; זייערע הענד, וואס ווייסען נאר צו רייבען זיך איינע די אנדערע פון קעלט, פאטשען אזוי הילכיג פאר ענטציקונג און אינערליכער אויפלעבונג.

אט האט זיך אויפ'ן לייוועגט בעוויזען א פלאץ מיט א פאראדנעם איינגאנג, וואס בעשטעהט פון לויטער מארמארענע טרעפ און זיילען. פון די טרעפ לאזען זיך אראב פאטער און קינדער, רייך געקליידעט, מיט שטראהלענדע געזיכטער און מיט שווארצע און בלאהע אויגען.

דאס גראהע פובליקום אויף די בענק שלינגט יעדער בע־

װענונג, װאָס קומט פאַר אויף דעם לייװענט. און אָט דאַכט זיך יעדען פון זיי, אז די אַלע פּערזאָנען אויף דער לייװענט זיינען זייערע נאָהענטע אָדער גאָר זיי אַליין זיינען עס מיט זייערע ברידער און שװעסטער, טאַטעס און מאַמעס...

שאַ אַט איז אַ חתונה. אַ יונגע פּאָר, די כלה איז אַ גיר־לאַנדרע פון װעלכער עס קוקט אַרויס דאָס בליהענדע, שטראַה־לענדע געזיכט, שטעהט געאָרעמט מיט'ן חתן, אַ הויכער, שלאַנקער מאַן מיט לאַכענדיגע אויגען, דער גלח, שוין אַן על־טערער מענש, אבער אויפ'ן לייװענט איז ער נאָך אַזוי שעהן, און די גלח'טע אין עלטערע פרוי, אבער אויפ'ן לייװענט איז זי נאָך אַזוי פריש, — שטעהען נעבען חתן־כלה. און מען פּראַװעט די פייערליכע צערעמאָניע און דערנאָך דריקט מען זיך די הענד, און דער נאָך געהען חתן־כלה אַרויס און מען צו־קושט זיך מיט אַזאַ מין חן און ליעבליכקייט, אַז אַלע פון פּובליקום, דער געפּאַלענסטער מין פון דער מענשהייט, הויבען זיך פון פּלאַץ, װי זיי װאָלטען געװאָלט אַנטייל נעהמען אין דער דאָזיגער שמחה, װעלכע זיי אַליין איז נישט בעשערט גע־װען דורכצומאַכען.

און די טיהר פון דאָזיגען פּלאַץ עפענט זיך אַלע װיילע אויף און עס קומען אַן אַלץ נייע בעזוכער. קיין פּלאַץ צו זי־צען פאַר זיי איז שוין נימאָ — שטעהען זיי געדריקט איינע צו די אַנדערע, מענער מיט פרויען, יונגע מיט אַלטע און די אויגען צום לייװענט געװענדעט. די קליין געװייקסיגע הויבען זיך אויף די שפּיץ פינגער — אַלע זיינען דורשטיג, נאָך אַ ביסעלע גליק, פרייד און שעהנקייט, װאָס מען צייגט פאַר זיי אויף דעם לייװענט פאַר אַ ניקעל...

## אינהאלט: